יצחק קאָרן

# דאָס געראַנגל פֿאַר ייִדיש

עסייען

אַרויסגעגעבן
דורכן וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור
תשמ"ב תל־אביב 1982

# פאָרוואָרט

„דאָס געראַנגל פאַר יידיש" איז נישט קיין פאָרשונג און כ׳וויל נישט פאַרכאַפּן קיין שום פּלאַץ אויף דעם געביט. די סעריע עסייען פון מיין זאַמלונג איז מער אַן אויסדרוק פון אַ נויטווענדיקייט צו ברענגען פאַר די פאַראינטערעסירטע קרייזן די פאַרשידענע פאַזן וועלכע יידיש האָט דורכגעמאַכט און די שווערע פאַרמעסטן פאַר וועלכע יידיש געפינט זיך אין אונדזער תקופה.

נאָך קיין מאָל איז נישט געווען אַזוי וויכטיק צו קענען ריכטיק לייענען די דראָענדיקע אויפשריפט אויף דער וואַנט, וועגן גורל פון דער יידיש־קולטור. יידיש איז אין קלעם און מיר דאַרפן זיין זייער באַזאָרגט דערפון. ווען איך זאָג מיר, מיין איך נישט נאָר די יידיש־רעדנדיקע קרייזן, נאָר דאָס מיינט אויך ישראל און דעם אָרגאַניזירטן יידיש־טייל פון יידישן פאָלק אין די תפוצות, וואָס טאָר נישט משלים זיין מיט דער איצטיקער לאַגע פון יידיש. יידיש־קולטור איז אַ גוואַלטיקער קוואַל פון גרויסע נאַציאָנאַלע ווערטן פון יידישן פאָלק, וועלכע שטייגן איבער די ריין שפּראַכלעכע אַספּעקטן. יידיש איז איינער פון די זיילן פון דער אשכנזישער גייסטיקער ירושה פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

די כוונה פון מיין זאַמלונג איז אַריינצוברענגען אומרו אין אונדזערע רייען און איז אַ רוף צו מאָביליזירן זיך כדי אָפּצו־שטעלן די שפּראַכן־אַסימילאַציע און זוכן וועגן צו שטאַרקן די

יידיש־קולטור. נישט דורך נאָסטאַלגיע־אויסדרוקן און צוגע־וואָרפענע נדבה־גראָשנס, נאָר פּשוט איינשפּאַנען זיך צו קאָנ־קרעטע מעשים אין דעם גרויסן פאַרמעסט צו פאַרזיכערן — לפּחות טיילווייז — אַז יידיש זאָל ווייטער פאָרגעזעצט ווערן אַלס אַ לעבעדיקע שפּראַך.

איך געהער נישט צו די „קדיש"־זאָגערס נאָך יידיש, ווייל איך בין טיף איבערצייגט, אַז מיט אַ גרויסן אָנשטרענג קען מען פאַרבעסערן די לאַגע.

י. ק.

ווען מע באַטראַכט די געזעלשאַפטלעכע אַספּעקטן פון יידיש אין יאָר 1982, מוז מען קומען צום אויספיר אַז דאָס פאַרשטאַרקן די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור קען נישט איבערגעלאָזט ווערן צו אימפּראָוויזאַציעס, נאָר מוז דערגרייכט ווערן דורך אַן אַקטיוון און דינאַמישן ווירקן אין דער ריכטונג פון פּאָרויס באַשטימטע אַנטוויקלונגען.

אַ שפּראַך דריקט אויס געוויסע אַספּעקטן פון דער געשיכטע פון געגעבענעם פאָלק. מער ווי ביי אַנדערע פעלקער האָבן די פיל יידישע שפּראַכן אָפּגעשפּיגלט די וואַנדער־געשיכטע פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע פאָלק, נאָך דעם ווי ס'איז געקומען קיין ארץ ישראל מיט מער ווי 3500 יאָר צוריק, האָט דאָרטן אויסגעפורעמט זיין שפּראַך — העברעיש — באַאיינפלוס פון אייניקע סעמיטישע דיאַלעקטן. דאָס איז געוואָרן די ערשטע און נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. העברעיש האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין יידישן שפּראַכלעכן תחום. אין משך פון די צייטן איז זי באַצייכנט געוואָרן מיט פאַרשידענע נעמען. אַזוי טרעפט מען אין דער משנה דעם נאָמען עברית און אין תלמוד שטויסן מיר זיך אָן אויפן נאָמען לשון קודש, די הייליקע שפּראַך, כדי אונטערצושיידן זי פון דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך וואָס איז געווען אַראַמיש. אין

העברעיש זענען געשאַפן געוואָרן די וויכטיקסטע גייסטיקע ווערק פון פאָלק: דער תנ״ך, די משנה, די הויפט־תפילות, די גרעסטע טייל פון דער ערשטער העברעישער פאָעזיע א. אַנד. די צענטראַליטעט פון העברעיש האָט זיך אויך איינגעהאַלטן ווען גרויסע יידישע ווערק זענען געשאַפן געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. מען האָט געשטרעבט זיי איבערזעצן אין העברעיש. דער רמב״ם וואָס האָט זיין גרויס ווערק „יד חזקה״ געשריבן אין העברעיש און „מורה נבוכים״ אין אַראַביש, האָט אַלץ געטאָן כדי דאָס ווערק זאָל איבערגעזעצט ווערן אין העברעיש. נישט נאָר דער רמב״ם, נאָר פיל אַנדערע האָבן אויסגעקליבן דעם דאָזיקן וועג, כדי אויסצודריקן די שטענדיקע פאַרבינדונג מיט העברעיש און פאַרזיכערן דעם נאַציאָנאַלן המשך פון פאָלק.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ צו מאַכן אַן אויספירלעכן איבערבליק איבער די אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון העברעיש און פון די גייסטיקע שאַפונגען אין איר אין משך פון צענדליקער דורות. מען דאַרף אָבער אונטערשטרייכן אַז העברעיש איז נישט געווען קיין שטענדיקע ריידשפּראַך. ביז נאָכן בר־כוכבא־אויפשטאַנד איז העברעיש געווען די ריידשפּראַך פון די יידן אין ארץ ישראל, אָבער שוין אַ שטיק צייט פריער האָט אַראַמיש באַגלייט די העברעישע שפּראַך און געדינט ווי די טאָג־טעגלעכע פאָלקסשפּראַך. מיר וועלן ווייטער זען אייניקע פּרטים וועגן דער ראָל פון אַראַמיש, דאָ ווילן מיר בלויז דער־מאָנען אַז זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַנדערוועג פון יידישן פאָלק אין די פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט און ס׳זענען געבוירן געוואָרן אַ גרעסערע צאָל יידישע שפּראַכן איז אָבער העברעיש נישט פאַרשוווּנדן און האָט ווייטער אויס־געפילט איר ספּעציפישע פונקציע אין לעבן פון פאָלק. זי איז געבליבן די שפּראַך פאַר רעליגיעזע הצטרכותן, פאַר פּאָעטישע שאַפונגען, באַזירט אויף דעם תנ״כישן יסוד. אין

העבֿרעיש זענען געשריבן געוואָרן אַ ריי פילאָזאָפישע ווערק פון מיטלאַלטער. מיט איין וואָרט, זי איז פאַרבליבן אין אַ גרויסער מאָס די שפּראַך פאַרן שריפטלעכן און גייסטיק העכערן אויס־דרוק פון פאָלק.

די פיל יידישע שפּראַכן וואָס זענען אַנטשטאַנען אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט און בעיקר די יידישע שפּראַך, פון אַשכנזישן אָפּשטאַם, האָבן אין יעדער תקופה אויסגעפילט לגבי העברעיש אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות, זייענדיק די טאָג־טעגלעכע ריידשפּראַך מיט איר וויטאַליטעט און פאָלקס־טימלעכקייט. נישט קיין אַנדערער ווי דער נאַציאָנאַלער דיכ־טער ח. נ. ביאַליק האָט וואַרעם אָפּגעשאַצט די ראָל פון יידיש ביים אָפּהיטן די זויבערקייט פון העברעיש. די לעבע־דיקע יידישע שפּראַך האָט געראַטעוועט די העברעישע שפּראַך, ווייל ווען העברעיש וואָלט געמוזט גענוצט ווערן ווי אַ רייד־שפּראַך אין אַלע גלות־לענדער, וואָלט זי צעבֿרעקלט געוואָרן אין פאַרשידענע דיאַלעקטן און פאַרלוירן איר אינערלעכע גאַנצקייט. ביאַליק האָט זיין אָפּשאַצונג געבראַכט צום אויס־דרוק אין זיין פאָרטראָג פאַר קולטור־טוערס אין קאָוונע, ליטע, אין יאָר 1930. צווישן אַנדערן האָט ער געזאָגט: „אונדזער יידיש קאָן געגליכן ווערן צו אַ כשרער „גיורת", ווי רות אין איר צייט, אַזוי האָט זי (יידיש) באַגלייט די העברעישע שפּראַך אין משך פון פיל דורות. דעריבער כל זמן זי האַלט זיך ביי איר גערעכטער האַלטונג און איז אויפריכטיק פאַר־בונדן מיט נעמי העבֿריה — איז זי אונדז זייער געוווּנטשן און וועט אַפילו זוכה זיין אויפצושטעלן אַ דוד המלך פון איר שבֿט". אין ביאַליקס שטעלונג זעט מען די וויזיע וועגן דער מעגלעכער דערנענטערונג צווישן עבֿרית און יידיש.

אין מיינע קורצע באַמערקונגען קען איך זיך נישט אָפּ־שטעלן אויספירלעך אויף דער גרויסער רענעסאַנס־תקופה פון דער העברעישער שפּראַך אין די לעצטע 100 יאָר, ביים צוריק־

ברענגען זי צום מעמד פון אַ ריידשפּראַך. געגוג צו דערמאָנען אַז די ציוניסטישע באַפרייונגס־באַוועגונג. די גרויסע פּלעיאַדע העברעישע שרייבערס, דער גרויסער פּיאָנער אויפצולעבן עברית, אליעזר בן־יהודה, די פּאַרצווייגטע נעץ פון העברעישן שול־וועזן, קולמינירנדיק מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, האָט אַוועקגעשטעלט עברית ווידער אין אַ דאָמינירנדיקער השפּעה אין ישראל. די נייע פּאָזיציע פון עברית שטעלט זי אַוועק פאַר אַ גרויסער נאַציאָנאַלער און מאָראַלישער התחייבות פאַר דער שוועסטער־שפּראַך — יידיש.

## די אייגנאַרטיקייט ביים שאַפן די יידישע שפּראַכן

דער גורל פון יידישן פאָלק צו ווערן פאַרשפּרייט אין וואַנדער איבער אַלע קאָנטינענטן אין אַ צייט ווען העברעיש האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ ריידשפּראַך האָט דערפירט דערצו אַז ביי די יידן זאָלן זיך שאַפן יידישע שפּראַכן, אָדער דיאַלעקטן אין איינקלאַנג מיט די באַדינגונגען אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען. צום אַלעם ערשטן דאַרף באַמערקט ווערן אַז דער ייד האָט אויף זיין וואַנדערוועג נישט געוואָלט פאַרלירן זיין נאַציאָנאַלן פּרצוף און זיין אייגנאַרטיקייט. זייענדיק אין פרעמדע לענדער האָט ער געפּרוווט אָפּהאַלטן דעם נאַטירלעכן אַסימילאַציע־פּראָצעס און זיך געראַנגלט כדי נישט איינגעשלונגען צו ווערן פון דער אַרומיקער סביבה. ער האָט געלעבט מיט אַ טיפן חשש אַז די אַרומיקע קולטור וועט אים נאַציאָנאַל פאַרטיליקן. דאָ ווערט ביים יידן געבוירן און אַנטוויקלט אַ ווידערשטאַנד קעגן דער השפּעה פון דער סביבה און ער פאַלט אויף דער המצאה צו אַדאָפּטירן די לאַנדשפּראַך און גלייכצייטיק זי צו **פאַריידישן**, געבנדיק איר אַ נייעם זעלבשטענדיקן אויסדרוק. דאָס אַדאָפּטירן די לאַנדשפּראַך

ווערט אין דעם רוב פאַלן באַגלייט דערמיט וואָס דער ייד שרייבט זי מיט דער העברעישער שריפט און פלעכט אויך אין איר אַריין אַ צאָל ספּעציפישע ווערטער און אויסדרוקן פון העברעיש. דערמיט דערגרייכט ער אַ דאָפּלטן ציל: ער מישט זיך נישט אויס טאָטאַל מיט דער אַרומיקער סביבה און שאַפט פאַר זיך אַן אייגענעם קולטור־מכשיר.

די פאָרשונג פון די יידישע שפּראַכן און דיאַלעקטן האָט זיך אָנגעהויבן בערך אין לעצטן יאָרהונדערט. גרויסע טיילן פון דער שפּראַך־פאָרשונג זענען אָבער נאָך פאַרבליבן נישט באַאַרבעט און ס'ליגט אַ חוב אויף אונדזער דור און אויך אויפן קומענדיקן דור די מלאכה אינטענסיוו פאָרצוזעצן. דאָך דאַרף נישט מינימיזירט ווערן דאָס וואָס איז שוין אויסגע־פאָרשט געוואָרן ביז איצט, נישט נאָר פון לינגוויסטישן קוק־ווינקל, נאָר אויך פון געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן אַס־פּעקט. כ'וועל זיך באַנוגענען מיט גאָר ווייניקע ביישפּילן. כ'וויל דאָ דערמאָנען דאָס גרויסע ווערק פון מאַקס ווײַנרײַך, אין פיר בענד, וואָס זענען דערשינען אין יאָר 1973 אין ייוואָ אין ניו־יאָרק. אין ערשטן באַנד אינעם קאַפּיטל „אינעוויי־ניקסטע יידישע צווייּשפּראַכיקייט" — באַטאָנט ווײַנרײַך פאָל־גנדיקס: „דאָ רעדט זיך וועגן צווייּשפּראַכיקייט אינעווייניק אינעם יידיש־קיבוץ, דאָס הייסט וועגן דעם סימביאָז פון יידיש און לשון־קודש דורך דער גאַנצער געשיכטע פון אַשכנז און וועגן דעם אָרט וואָס איטלעכע פון די דאָזיקע שפּראַכן האָט פאַרנומען אין פאַרשידענע צייטן אין דער קולטור־בעל־הבתישקייט פון אַשכנזישן יידנטום".

כדאַי צו דערמאָנען אַז אייניקע בולטע שפּראַך־פאָר־שערס שטרייכן אונטער אַז דער ייד האָט מיטגענומען אויף זיין וואַנדערוועג, אין די גאָר ערשטע עטאַפּן, אַ רייכע גייס־טיקע ירושה און דאָס האָט אים מיטגעהאָלפן אין פּראָצעס

פון פאַרײדישן די לאַנדשפּראַכן און באַקעמפן דעם אים באַדראָענדיקן אַסימילאַציע־פּראָצעס. אַזוי אַרום האָט ער דורך לשון קודש אײַנגעפלאַנצט אין די פרעמדע שפּראַכן ווערטער און באַגריפן פון העברעישן לעבנסשטייגער. דער באַקאַנטער שפּראַך־פאָרשער שלמה בירנבוים האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט זײַן וויכטיק בוך „יידיש" (אַרויסגעגעבן אין ענגליש אין יאָר 1979 — דורך דער טאָראָנטאָ אוניווערסיטעט־פּרעס) וווּ ער באַצייכנט צווישן אַנדערן, אַז די העברעישע באַגריפן וואָס זענען דערשינען אין דער יידישער שפּראַך — אין דער ערשטער תקופה — זענען געווען פון רעליגיעזן כאַראַקטער און דאָס כדי אָפּצוהיטן די יידישע אידענטיטעט און אויך דינען אַלס סימבאָל פאַר אַ ספּעציעל יידיש לעבן באַזירט אויף יידישקייט.

פיל בולטער ברענגט אַרויס דעם שטאַנדפּונקט מתתיהו מיזעס אין זײַן בראָשור געשריבן אין דײַטש אונטערן נאָמען „די ענטשטייאונגס־אורזאַכע דער יידישען דיאַלעקטע" אין יאָר 1915, זיבן יאָר נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אין וועלכער ער האָט אָנטייל גענומען און איז אויך גערעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די טעאָרעטיקער פון יידישיזם. אין זײַן בראָשור שטרייכט ער אונטער אַז דער רעליגיעזער פאַקטאָר איז געווען זייער וויכטיק ביים שאַפן די יידישע שפּראַך. די העברעישע רעליגיעזע אויסדרוקן זענען נישט געווען די איינציקע אין דער ניי־אַדאָפּטירטער שפּראַך. ס'זענען געווען נאָך אַנדערע העברעישע עלעמענטן וואָס האָבן זיך אײַנגעוואָרצלט אין דער פאַרײדישטער שפּראַך.

שלמה בירנבוים גיט נאָך צו, אַז די העברעישע און סעמיטישע ווערטער זענען געווען דער יסודותדיקער פאַקטאָר ביים שאַפן די יידישע שפּראַך און דער דײַטשישער קאָמפּאָנענט איז געווען אַ דערגאַנצונג.

ס'איז כדאַי צו דערמאָנען די שטעלונג פון ישראל עפּרויקין (אין זיין בראָשור „אויפקום און אומקום פון יידישע גלות־שפּראַכן און דיאַלעקטן", אין יאָר 1951, פּאַריז, פאַרלאַג „קיום"), ווו ער באַטאָנט אַז „ס'קען קיין ספק נישט זיין, אַז נישט בלויז ביי אונדז, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער האָבן אמונה און קירך געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער בילדונג און אַנטוויקלונג פון שפּראַכן. אַפילו דער מאַרקסיסט מאַרסעל קאָהען איז מודה אין דער דאָזיקער השפּעה פון רעליגיע". דאָ דאַרף מען צוגעבן אַז די פּאַריידישע לאַנד־שפּראַך האָט געשטרעבט צו ווערן נישט נאָר אַ ריידשפּראַך, נאָר אויך אַ שריפטשפּראַך.ביים פאַרוואַנדלען די פּאַרייִדישע לאַנדשפּראַך אין אַ שריפטשפּראַך איז אין איר אַריינ־געפירט געוואָרן די העברעישע שריפט און אַ גאַנצע ריי תנ"ך־פאָרמען. אונטערן איינפלוס פון העברעיש האָט די שפּראַך געענדערט איר מאָרפאָלאָגיע און זאַצבוי.

דאָס פּאַריידישן האָט דער ייד דורכגעפירט נישט מיט דער פּערפעקטער שפּראַך פון דער עליטע פון פרעמדן פאָלק, נאָר מיט דער פאָלקסטימלעכער שפּראַך פון די מאַסן, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַ נענטערן קאָנטאַקט ווי מיט די העכערע ספערן. די סיבה איז געווען אַ קלאָרע: די פאָלקס־טימלעכע שפּראַך איז געווען ווייניקער געפּענטעט פון די גראַ־מאַטיקאַלישע כללים ביי וועלכע די עליטע האָט זיך געהאַלטן און פון וועלכע דער ייד האָט ביים פּאַריידישן די לאַנדשפּראַך געהאַט די טענדענץ זיך צו באַפרייען. דאָס האָט אין אַ געווי־סער מאָס פאַרשנעלערט אַז די לאַנדשפּראַך זאָל ווערן אין יידנס מויל מער און מער אַ יידישע שפּראַך. דער דרויסנדיקער נישט־ייד האָט אָפט מאָל נישט פאַרשטאַנען די פּאַריידישטע שפּראַך און דאָס האָט דער ייד געוואָלט.

**וועגן די ייִדישע שפּראַכן**

די געשיכטע ווי אַזוי דאָס ייִדישע וואַנדערפֿאָלק האָט פֿאַרייִדישט לאַנדשפּראַכן איז ליידער ווייניק אויסגעפֿאָרשט געוואָרן. מ׳דאַרף אָבער פֿעסטשטעלן אַז היינט צו טאָג אין אָנהייב פֿון די 80ער יאָרן פֿון 20סטן יאָרהונדערט איז די גרויסע מאַפּע פֿון די ייִדישע שפּראַכן געוואַלדיק פֿאַרקלענערט געוואָרן. פֿון דער גרעסערער צאָל ייִדישע שפּראַכן זענען פֿאַר־בליבן אַלס לעבעדיקע שפּראַך, אויסער העברעיש, דאָס אשכּנ־זישע ייִדיש און טיילווייז די ייִדיש־שפּאַנישע שפּראַך, באַקאַנט אַלס דזשודיזמאָ אָדער לאַדינאָ. אַלע אַנדערע ייִדישע שפּראַכן זענען פֿאַרשוווּנדן אָדער ס׳זענען פֿון זיי פֿאַרבליבן בלויז ברוכ־טיילן, חורבות פֿון גרויסע בנינים. די דעקאַדענץ פֿון די ייִדישע שפּראַכן אין די תּפֿוצות זאָגט עדות אויפֿן אָפּגעשוואַכטן ווידער־שטאַנד פֿון די ייִדן לגבי דער שפּראַך־אַסימילאַציע. געבראַכט דערצו האָט אונדזער געענדערטע ייִדישע געאָגראַפֿישע מאַפּע, מיט פֿיל צערודערטע קהילות און טיילווייז אויך דאָס קאָנצענטרירן זיך אין ישׂראל. אַ פֿאַקט איז אַז אין אונדזער תּקופֿה זוכט נישט דער ייִד אין די תּפֿוצות צו פֿאַרייִדישן די לאַנדשפּראַך און דערמיט אָפּהיטן זיין אייגנאַרטיקן פּרצוף, נאָר פֿאַרקערט, פֿיל האַלטן אַז די ייִדישע שפּראַכן זענען אַן ערנסטע שטערונג צו פֿאַרשנעלערן זייער פֿולשטענדיקע אַדאַפּטאַציע און אַסי־מילאַציע אין דער לאָקאַלער קולטור־סביבה.

ס׳איז קלאָר אַז נאַציאָנאַל געוואָנטע דאַרפֿן מיר זיך באַמיען איינצוהאַלטן דעם ווידערשטאַנד פֿון דער ייִדישער מינדערהייט קעגנאיבער דעם שפּראַכלעכן אַסימילאַציע־פּראָצעס.

מיר ווילן דאָ ברענגען קורצע אָנצייכענונגען וועגן די גע־וועזענע ייִדישע שפּראַכן, כּדי צו לערנען עפּעס פֿון דער פֿאַר־גאַנגענהייט פֿאַר דער קעגנוואַרט און פֿאַר דער צוקונפֿט.

**אַראַמיש.** די אַראַמישע שפּראַך איז גענוצט געוואָרן דורך

די יידן קרוב צו 1.500 יאָר שוין אָנהייבנדיק פון דער פרי־היסטאָרישער תקופה ביז צום 8טן יאָרהונדערט פון דער נייער צייט־רעכענונג. אַראַמיש איז געווען די ריידשפּראַך נאָך אין די צייטן פון ארץ ישראל און איר השפעה שפּיגלט זיך אָפּ אויך אַלס שריפטשפּראַך, ווי אין געוויסע פסוקים אין תנ״ך און ספּעציעל אין גאַנצע פּרקים פון עזרא און דניאל. די השפעה פון אַראַמיש איז נאָך מער געוואַקסן נאָכן חורבן בית שני. ווי אַ ריידשפּראַך האָט מען זי איינגעפירט ביים לייענען די תורה (שניים מקרא ואחד תרגום). מען האָט אין די תנ״ך־ספרים איינגעפירט דעם תרגום אונקלוס וואָס איז אייגנטלעך געווען די אַראַמישע איבערזעצונג פון דער תורה. אין אַראַמיש זענען געשאַפן געוואָרן די גרויסע צוויי מאָנומענ־טאַלע ווערק פון יידישן פאָלק: דער תלמוד ירושלמי און תלמוד בבלי אין די יאָרן פון 400 ביז 500 פ.ד.נ. צייט־רע־כענונג. דער תלמוד איז געווען די גרויסע גייסטיקע שאַפונג פון יידישן פאָלק אין אַלע געביטן פון זיין לעבן און התנה־גותן. ס׳זענען פאַראַן וויכטיקע יידישע דאָקומענטן אין אַראַ־מיש פון פינפטן יאָרהונדערט פ.ד.נ.צ.

**יידיש־אַראַביש:** די יידיש־אַראַבישע שפּראַך האָט זיך פאָרמירט אין 9טן יאָרהונדערט בעיקר ווען דער איסלאַם האָט פאַרכאַפּט די לענדער וו יידן האָבן גערעדט אַראַמיש. די יידן זענען אַזוי אַרום געצוווּנגען געוואָרן אַריבערגיין צו אַראַ־ביש. די יידיש־אַראַבישע שפּראַך איז געשריבן געוואָרן מיט דער העברעישער שריפט וואָס דאָס איז אויך געווען אַ מיטל אַז די שכנותדיקע באַפעלקערונג זאָל דאָס געשריבענע נישט פאַרשטיין. מען דאַרף צוגעבן, אַז אין דער דעמאָלטיקער תקופה האָבן פיל יידישע שרייבערס און דענקערס געשטרעבט באַקאַנט צו מאַכן זייערע אידעען און האָבן געשריבן וויכטיקע ווערק. אָבער די העברעישע שפּראַך איז ביי זיי נאָך אַלץ געבליבן די הייליקע שפּראַך און די שפּראַך פון דער נאַציאָ־

נאַלער קולטור. די צענטערס פון דער יידיש־אַראַבישער שפּראַך זענען געווען צעשפּרייט איבער די לענדער: בבל, ארץ־ישראל, מצרים, שפּאַניע און צפון־אַפריקע. אַגב אין צפון־אַפריקע האָט אויך עקזיסטירט אַ ספּעציעלער יידישער דיאַלעקט אין דער בערבערישער שפּראַך.

אין דער יידיש־אַראַבישער שפּראַך האָבן יידן געשאַפן אויף פיל געביטן: נישט נאָר רעליגיעזע ליטעראַטור, תנ״ך־איבערזעצונג, הלכה, מיסטיציזם, נאָר אויך אויפן געביט פון פילאָזאָפיע, אַסטראָנאָמיע און מעדיצין, אויך פאָלקס־ליטעראַטור און טיילווייז פּאָעזיע. אין 10טן יאָרהונדערט זענען דערשינען אייניקע וויכטיקע מחברים אין דער שפּראַך, צווישן זיי רב סעדיה גאון, יצחק ישראלי, רב שמואל בן חפני. די הויפּט־אויפגאַבע פון די דאָזיקע שרייבערס איז געווען אַריינצודרינגען די אַראַבישע איבערזעצונג פון פאַרשידענע ווערק מיט אַ יידישן פילאָזאָפישן צוגאַנג. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן אין אַראַביש פונדאַמענטאַלע ווערק פון יידן ווי: דער „מורה נבוכים״ פון רמב״ם, „הכוזרי״ פון יהודה הלוי, „חובות הלבבות״ פון בחיי אבן פקודה און נאָך אייניקע אויסגעצייכנטע ווערק.

מען דאַרף באַמערקן, אַז דער רוב יצירות אין דער יידיש־אַראַבישער שפּראַך זענען נישט איבערגעזעצט געוואָרן אין עברית און זענען ווי פאַרשווונדן פון דער יידישער גייסטיקער אַרענע. ערשט אין 20סטן יאָרהונדערט, ווען מען האָט אַנטדעקט בלעטלעך פון די אַראַביש־יידישע ווערק אין דער קאַירער „גניזה״, איז קלאָר געוואָרן, אַז גרויסע און וויכטיקע שאַפונגען אין יידיש־אַראַביש זענען אויפגעהיט געוואָרן אין דער דאָזיקער „גניזה״. אַ גאַנצער דור וועט נאָך דאַרפן איבערזעצן און אויפקלערן די אין דער „גניזה״ געפונענע ספרים.

**יידיש־פּערסישע שפּראַך:** די יידיש־פּערסישע שפּראַך איז נישט געווען באַזירט אויף איין פּאָלקסדיאַלעקט, ווייל פּער־

סיע איז געווען צעשפּליטערט אין פיל דיאַלעקטן און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין דער יידיש־פּערסישער שפּראַך. שוין פון דער מיט פון 8טן יאָרהונדערט געפינט מען דאָקו־מענטן וואָס צייכענען אָן די עקזיסטענץ פון יידיש־פּערסיש. אָנהויב 11טן יאָרהונדערט זענען שוין געווען פאַרצייכענונ־גען אויף מצבות אין יידיש־פּערסיש. די תנ״ך־איבערזעצונג אין יידיש־פּערסיש איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1391 און אין איר זענען פאַראַן אַ סך העברעיזמען.

די וויכטיקסטע ליטעראַרישע ווערק אין יידיש־פּערסיש זענען געשריבן געוואָרן אין 14טן ביזן 18טן יאָרהונדערט. אינטערעסאַנט, אַז ביז די גאָר מאָדערנע צייטן זענען געווען יידיש־איראַנישע דיאַלעקטן, וועלכע מען האָט באַנוצט הויפּ־טזעכלעך אין די קהילות פון קאַשאַן, אַמאַדאַן, איספּאַהאַן, קערמאַן און שיראַז. די דאָזיקע דיאַלעקטן זענען גענוצט געוואָרן בעיקר אין דער ריידשפּראַך. אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַן אויפבלי פון דער דיכטונג אין יידיש־פּערסיש. די פּערסישע יידן האָבן געליטן פון פיל רדיפות און פאַרפאָלגונגען און דאָך נישט איבערגעריסן זייער שעפערישקייט. אין די דאָזיקע שאַפונגען איז פאַראַן אַן אויס־פירלעכע באַשרייבונג פון די קהילות וואָס זענען צעשפּרייט געווען אין אַ סך טיילן פון לאַנד, פון זייער עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון זייערע מנהגים און געוווינהייטן. פאַראַן אויך כראָניקעס וועגן די ליידן פון די יידן וועלכע זענען געווען אנוסים.

אין בוכאַראַ, וווּ די יידישע קהילה איז נישט געווען פאַר־פאָלגט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ יידישער דיאַלעקט ווי אויך אַ ברייטע אַרבעט אויפן געביט פון ליטעראַטור. פיל ספרים אין בוכאַראַ האָבן אַנטהאַלטן תנ״כישע געשיכטעס. ס׳איז באַקאַנט אַז אין יאָר 1793 איז פאָרגעקומען אַן אויפבלי אין בוכאַראַ אין יידישן קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן.

ס׳איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען אַז זינט דער צוויי־טער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אַנטוויקלט אין ירושלים און נישט אין פערסיע די יידיש־פערסישע ליטע־ראַטור.

**יידיש־ספרדיש — לאַדינאָ:** פון אַלע יידיש־ראָמאַנישע דיאַלעקטן, אין ספרדישן, פאָרטוגעזישן, פראַנצויזישן, פראָ־וואַנסאַלישן און איטאַליענישן האָט דער ספרדיש־יידישער דיאַלעקט אַרויסגעוויזן די גרעסטע וויטאַליטעט — אַזוי באַהויפּטעט שמעון מרכוס אין זיין אויספאָרשונג „די ספר־דיש־יידישע שפּראַך". ס׳איז אַ פאַקט, אַז די אַנדערע ראָמאַ־נישע דיאַלעקטן זענען פריער אָדער שפּעטער פאַרשוווּנדן און דער יידיש־ספרדישער דיאַלעקט, וועלכער איז באַקאַנט אויך אַלס דזשודיזמאָ אָדער לאַדינאָ, עקזיסטירט נאָך אין עטלע־כע יידישע ישובים. דאָס וויגעלע פון דער יידיש־ספרדישער שפּראַך איז געווען דאָס שפּאַנישע האַלב־אינדזל. מיטן זיג פון די שפּאַניער איבער די אַראַבער פונעם האַלב־אינדזל האָט זיך אָנגעהויבן די בלי־תקופה פון שפּאַניש רעדן און שאַפונג. דעמאָלט האָט זיך אויך פאָרמירט די יידיש־ספרדישע שפּראַך און אין 13טן יאָרהונדערט געפינען מיר אַ ריי ביכער געשריבן אין שפּאַניש מיט דער העברעישער שריפט.

נאָכן גירוש פון די יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך זייער יידיש־ספרדישע שפּראַך אין די נייע וווינלענדער און ווייטער ממשיך געווען אין דער שפּראַך. אַזוי אַרום איז לאַדינאָ געוואָרן פאַרשפּרייט אָנהויבנ־דיק פון יאָר 1492 אין אַ גרויסער צאָל לענדער אין אייראָפּע, נאָענטן מזרח, פאַראייניקטע שטאַטן און אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע. אין 16טן יאָרהונדערט איז געווען דער בלי פון לאַדינאָ אין פאַרשידענע ערטער. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דאָס אויסערן־מיניסטעריום פון האָלאַנד האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1915 די רשימה פון די שפּראַכן

וואָס מען קען נוצן אין דער אָפיציעלער קאָרעספּאָנדענץ וואָס ווערט געפירט מיט טערקיי דורך דער פּאָסט און טעלעגראַף, צווישן זיי איז אויך אַריינגערעכנט די יידיש־ספרדיש שפּראַך. לאַדינאָ האָט אויפגעהאַלטן דעם רוב פּאָזיציעס כל זמן די מזרח־יידן זענען געווען פאַראייניקט אינערלעך. אָבער מיט דער גרויסער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג צווישן די ספרדישע יידן און די וואַקסנדיקע פאַרבינדונגען מיט פיל אַנדערע לענ־דער האָט לאַדינאָ אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם באָדן. ס'איז געווען נאָך אַ סיבה פונעם באַרג־אַראָפּ פון לאַדינאָ, דאָס איז געווען דער באַשלוס פון דער אַליאַנס „כל ישראל חברים" דורכצופירן אַ ברייטע קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער יוגנט אין די לענדער ווו ס'האָבן געוווינט די ספרדישע יידן און דאָס נישט אין לאַדינאָ נאָר אין פראַנצויזיש. דאָס איז געשען אין ערשטן עטאַפּ אין טערקיי און אין די צפון־אַפרי־קאַנער לענדער. די אַליאַנס־טעטיקייט האָט געבראַכט צו אַ דערשיטערונג פון לאַדינאָ אין די דאָזיקע לענדער. פאַרשטענ־דלעך, אַז נישט נאָר די אַליאַנס, נאָר אויך די אַלגעמיינע פּאָליטישע געשעענישן אין יענע געגנטן האָבן צערודערט די לאַגע פון דער יידיש־ספרדישער שפּראַך. דער קולמינאַציע־פּונקט פון דער ירידה פון לאַדינאָ איז געווען די צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם. מען קען זאָגן, אַז אַלס איינציקער ערנסטער פּונקט פאַר לאַדינאָ איז פאַר־בליבן מדינת ישראל, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ גרע־סערע צאָל עולים פון די לענדער וואָס רעדן נאָך די דאָזיקע שפּראַך. דאָ דערשיינען נאָך אויסגאַבעס אין לאַדינאָ. דאָ קען מען אין ראַדיאָ נאָך הערן די שפּראַך. דאָ טרעטן אין פיל שולן נאָך אַרויס דרשנים וועלכע רעדן לאַדינאָ, ווייל די מתפּללים פאַרשטייען נישט קיין עברית.

**אַנדערע יידיש שפּראַכן:** מיר וואָלטן געקענט אָנווייזן אויף נאָך אַ גרופּע יידישע שפּראַכן ווי: יידיש־גריכיש, יידיש־

פראַנצויזיש, יידיש־איטאַליעניש, יידיש־פּראָוואַנסאַליש, יידיש־טאַטיש (פון די אַזוי גערופענע בערגיידן אין קאַווקאַז) אאַ״וו, כדי אונטערצושטרייכן די אויסשפרייטונג פון די יידישע שפּראַכן און דעם געראַנגל פון די יידן נישט צו פאַרשווינדן אין דער אַרומיקער קולטור־סביבה. אָבער די אַלע יידישע שפּראַכן וואָס מיר דערמאָנען זיי נאָר ביי די נעמען שיידן זיך נישט אונטער קיין סך פון דער פריערדיקער גרופּע יידישע שפּראַכן, ווייל זיי האָבן אַלע געהאַט די זעלבע כאַראַקטעריסטישע שטריכן ביים דינען ווי אַ פאַנצער קעגן דער אַסימילאַציע. דער הויפּט־סימן פון דער אייגנאַרטיקייט פון דער פאַריידישטער לאַנדשפּראַך איז אין אַלע פאַלן דאָס נוצן אַ צאָל העברעיזמען, בעיקר פון רעליגיעזן כאַראַקטער וואָס ווערן אַ באַשטאַנדטייל פון דעם געגעבענעם יידיש. דער רוב יידישע שפּראַכן האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן נאָך אין מיטלאַלטער און זענען דורכגעגאַנגען זייער פיל געראַנגלען. וואָלט געווען אַן ערנסטע פאָרשונג פון די יידישע שפּראַכן, וואָלט מען געקאָנט צונויפזאַמלען אַן איינדרוקספולן מאַטעריאַל וועגן דער לאַנגער יידישער וואַנדערונג און דאָס וואָלט אָפּגעשפּיגלט דעם זיגזאַגישן און שווערן יידישן געשיכטע־וועג.

דאָס קאַפּיטל פון יידישע שפּראַכן ווילן מיר פאַרענדיקן מיט דער שפּראַך וועלכע האָט דורכגעמאַכט דעם שטורעמדיקסטן וועג, פול מיט סאָציאַלע און פּאָליטישע זאַווערוכעס, פול מיט טויט און פאַרניכטונג און איז דערביי דאָך ממשיך איר שליחות אין פאָלק. אין שווערע באַדינגונגען, מיט געפּענטעטע פליגלען זוכט זי אין אונדזער תקופה מיטלען ווי זיך צו שטאַרקן און צו פאַרזיכערן איר המשך. דאָס איז יידיש, די שפּראַך פון אַשכנזישן שטאַם.

**יידיש:** די יידישע שפּראַך וואָס איז אַנטשטאַנען מיט אַן ערך 1000 יאָר צוריק אין דער געגנט פון לותיר (אין דער דייטשישער זאָנע), איז דערגאַנגען צו איר קולמינאַציע־פּונקט

אין דער צייט פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען קרוב צו 10 מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן אין דער גאָרער וועלט האָבן גערעדט ייִדיש און זיך אויסגעלעבט אין איר. דאָס איז געווען די גרעסטע שפּראַכלעכע דערגרייכונג פון ייִדישן פאָלק. געווען אויך אַ מיינונג פון שלמה בירנבוים, אַז אין די 30ער יאָרן זענען געווען קרוב צו 12 מיליאָן ייִדיש־רעדנדיקע (אין אייראָפּע — 7,675.000 ; פאַראייניקטע שטאַטן — 3,500.000 ; קאַנאַדע — 110.000 ; אַרגענטינע — 235.000 ; אַזיע — 205.000 ; אַפריקע און אויסטראַליע — 70.000 טאָטאַל = 11,875.000). כ'ברענג די ציפערן כדי צו באַצייכענען אַז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער כמות פון ייִדיש־רעדנ־דיקע געוואָרן אַן איכותדיקע דערשיינונג. ס'איז באַקאַנט אַז די ערדציטערניש אין דער צייט פון דעם נאַצי־חורבן, ווי אויך די גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע ענדערונגען אין די ייִדישע קהי־לות וואָס האָבן פון חורבן נישט געליטן האָבן געוואַלדיק צערודערט דעם מעמד פון ייִדיש אין ייִדישן פאָלק.

מאַקס ווײַנרייך ברענגט אַ דעטאַלירטע אויספאָרשונג וועג דער אַנשטייונג פון ייִדיש אין דער געגנט פון לותיר, ווו ס'איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער ייִדישער שפּראַך. די ערשטע באַקאַנטע ייִדישע ישובים זענען געווען קעלן, מיינץ, וואָרמייזע (וואָרמס), שפּייער, מעץ און רעגנסבורג.

ווען מען וויל אָנצייכענען, אַפילו זייער קורץ, די הויפּט־עטאַפּן פון דער אַנטוויקלונג פון ייִדיש, דאַרף דערמאָנט ווערן אַז נאָך דער אָנהייב־תקופה האָט זיך די שפּראַך פאַרשפּרייט איבער אַנדערע לענדער פון אייראָפּע, אין פוילן, ליטע, צפון־איטאַליע, אוקראַינע. אין 18טן יאָרהונדערט איז ייִדיש געוואָרן פאַרשפּרייט אינעם רוב טיילן פון אייראָפּע, דערנאָך איז געקומען די תקופה פון דערגרייכן קיין צפון־אַמעריקע, דרום־אַמעריקע, דרום־אַפריקע און אויסטראַליע. דערמיט ווערט ייִדיש אין פולן זין פון וואָרט אַ וועלטשפּראַך.

ס׳איז וויכטיק צוצוגעבן, אַז צו דער אַנשטייונג און אַנט־וויקלונג פון יידיש זענען די יידן געקומען מיט אַ גרויסן העברעיש־שפּראַכלעכן פאַרמעגן. בער באָראָכאָוו ווייזט אָן אַז: „העברעישע ווערטער זענען אַריינגעדרונגען אין יידיש נישט דירעקט פון תנ״ך, תלמוד אָדער פון רעליגיעזע ספרים. זיי זענען אַריינגעקומען אויך אומדירעקט פון אָפיציעל־קהלשן באַנוץ און פון קאָמערציעלע פאַרבינדונגען מיט יידן, וואָס האָבן נישט גערעדט קיין דייטש״. דאָס האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אינעם באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דער שפּראַך און אין איר פאַרבונדנקייט מיט יידישקייט.

אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך קען מען אויסטיילן פיר תקופות: א) די ערשטע, בראשית־יידיש, ציט זיך פון סאַמע אָנהייב פון דער לותיר־תקופה ביז 1250; ב) אַלט־יידיש פאַנגט זיך אָן פון 1250 ביז אומגעפער 1550; ג) מיטל־יידיש — אין דער תקופה פון 1500 ביז 1700, און ניי־יידיש פאַנגט זיך אָן פון 1700 ביז דער היינטיקער תקופה.

מיר האָבן דאָ נישט קיין מעגלעכקייט זיך אָפּצושטעלן אויף דער אייגנאַרטיקייט פון יעדער תקופה. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז יידיש האָט טראָץ אַלע בייזע נביאות (ביז דעם נאַצי־חורבן) געמאַכט וועזנטלעכע פאָרשריטן און האָט איינ־געזאַפּט אין זיך אַ שלל פאָלקסטימלעכע און אייגנאַרטיקע ווערטן פון יידישן לעבן. ווען מען פאָלגט נאָך די וויכטיקסטע עטאַפּן פון דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך, דאַרף מען באַצייכענען אַז סוף 18טן און אָנהויב 19טן יאָרהונדערט ווערט בולטער די אָריענטאַציע פון יידיש: דער שווערפּונקט גייט איבער אַלץ מער און מער צום מזרחדיקן יידיש וואָס אַנטהאַלט דעם צומייסט־פאָלקסטימלעכן יידישן אינהאַלט, ווייל אין מזרח־אייראָפּע קאָנצענטרירן זיך אַלץ קאָמפּאַק־טערע יידישע מאַסן מיט יידישקייט און דער אינהאַלט האָט אַ דאָמינירנדיקע השפּעה. ווען מען פאַרגלייכט דעם מזרח־

דיקן ייִדיש מיטן טרוקענעם אויסגעהוילטן מערבֿדיקן ייִדיש מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז דאָס מערבֿדיקע ייִדיש האָט אָנגעהויבן, אין פּרט פֿון אינהאַלט און אויסדרוק, שנעל גיין באַרג אַראָפּ און איז כּמעט פֿאַרשווּנדן ווי אַן איינפֿלוס־רײַכע ייִדישע שפּראַך אין ייִדישן לעבן. דער מזרחדיקער ייִדיש איז געוואָרן די פֿאָלקסטימלעכע שפּראַך פֿון די ייִדישע מאַסן. די וויטאַליטעט פֿון דער ייִדישער שפּראַך האָט זיך אַרויסגעוויזן וואָס אַ מאָל מער. דאָס מזרחדיקע ייִדיש איז געוואָרן די אומגאַנגסשפּראַך, די רייד־ און שריפֿטשפּראַך פֿון ווײַט גרעסטן טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט. ס'איז וויכטיק צו געדענקען די ראָל וואָס ס'האָט געשפּילט דער שרײַבער מענדל לעפֿין וואָס האָט געעפֿנט דעם וועג צו שרײַבן אין אַ פּשוטן ייִדיש. נאָך אים איז געקומען אַ פּלעיאַדע שרײַבערס וואָס איז געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג צו פֿאַרפֿעסטיקן דעם דאָזיקן נוסח.

אַ באַזונדערס וויכטיקער עטאַפּ אין דעם זין איז געווען דער זיידע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מוכר ספֿרים, וועלכער האָט מיט גרויס טאַלענט דערהויבן ייִדיש צו דער ראָל פֿון אַן אָנגעזעענער שריפֿטשפּראַך, צו אַ צושטאַנד פֿון אַ כּלל־נאַציאָנאַלן אויסדרוק. ער האָט אין אַ גרויסער מאָס מצליח געווען צו פֿאַראייניקן דעם רובֿ ייִדישע דיאַלעקטן און סטילן אונטערן דאַך פֿון דער שריפֿטשפּראַך און אויס־פֿלאַסטערן דעם דרך המלך פֿאַר דער ייִדישער שפּראַך און איר ליטעראַטור. אַ גרויסע ראָל פֿאַר דעם כּלל־ייִדיש האָט אויסגעפֿילט י. ל. פּרץ, וועלכער האָט אַרײַנגעבראַכט דעם קאָנגרעס־פּוילישן סטיל אין דעם אומגאַנג פֿון דער ייִדיש־מזרחדיקער שפּראַך אויף אַ צענטראַלן פּלאַץ.

דער פּרעכטיקער אַנטוויקלונג־גאַנג פֿון דער ייִדישער שפּראַך און איר ליטעראַטור איז צו אונדזער גרויסן בראָך אַכזריותדיק איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם נאַצי־חורבן אין

דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אויך דורכן חורבן פון דער יידישער קולטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אָט די שוידערלעכע געשעענישן אין אונדזער נייסטער געשיכטע האָבן צעשמעטערט אין אַ גרויסער מאָס די יסודות פון דער יידיש־קולטור. דאָ דאַרף מען זען די אַנטוויקלונג פון דער גרויסער שפּראַך־אַסימילאַציע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

טראָץ אַלעמען זענען נאָך געבליבן ערנסטע פּאָזיציעס פון דער יידישער קולטור און ס'ווערן אין דער לעצטער תקופה געמאַכט שריט צו פּאַרפּעסטיקן די פּאָזיציעס פון יידיש. דער פאַקט וואָס ס'האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן אַ וועלט־באַוועגונג צו שטיצן די יידיש־קולטור אויף דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע אָנהענגערס פון יידיש אין ישראל אין אָנהייב פון די 70ער יאָרן, זאָגט עדות אַז ס'איז פאַראַן אַ גלויבן אין דער לעבנס־וויכטיקייט פון יידיש, אין איר וויטאַליטעט און וויכטיקער שליחות אין אונדזער קולטור־לעבן. ס'איז נאָך דערווייל פריצייטיק אָנצוצייכענען די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דער יידיש־קאָנפערענץ אין ירושלים אין יאָר 1976, אָבער מען קען מיט זיכערקייט זאָגן אַז דער רוף פון ירושלים צו שטאַרקן יידיש און די יידיש־קולטור האָט געהאַט אַ דערמוטיקנדיקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער וועלט און אין ישראל.

**דער קעגנזייטיקער אינטערעס פון יידיש און עברית**

די שווערע לאַגע פון יידיש איז פון איין זייט אַ פּועל יוצא פונעם גרויסן חורבן, בעת וועלכן ס'זענען אומגעבראַכט געוואָרן די נאַטירלעכע יידיש־רעדערס און פון דער צווייטער זייט אַ רעזולטאַט פון דער שווערער שפּראַך־אַסימילאַציע וואָס

דאָס שטאַרק פאַרמינערטע יידישע פאָלק מאַכט דורך אין די פאַרשידענע לענדער אין דער וועלט. די יידן אין דער מערב־וועלט און אין ראַטנפאַרבאַנד זאָרגן מער נישט פאַרן אָפּהיטן זייער יידישן פּרצוף. מען וויל אויך נישט מער, ווי אַ מאָל, פאַריידישן די לאַנדשפּראַך פון דער סביבה. פאַרקערט, איצט שטרעבט יעדער ייד, בעיקר דער אינטעלעקטועלער און די שטודירנדיקע יוגנט, צו אַנטלויפן פון דער אייגענער, פאַר־יידישטער שפּראַך אויף וויפל זי האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן. ס׳הערשט אויף דעם שטח אַ ביליקער סנאָביזם, מען איז זייער לייכט גרייט מוותר צו זיין אויף די יידישע יסודות און ווערטן.

שטייט טאַקע פאַר יידיש אַ זייער האַרבע פראַגע, ווי האַנדלט מען אין די נייע אומשטענדן? ווי אַזוי מיידט מען אויס דעם גורל וואָס איז באַשערט געוווען די אַנדערע יידישע שפּראַכן — דאָס הייסט אונטערגאַנג?

מען טאָר נישט לייקענען אַז דער אַסימילאַציע־פּראָצעס האָט דערפירט דערצו אַז מיר האָבן אַלץ מער און מער פאַר־לוירן די גייסטיקע ירושה מיט וועלכער ס׳זענען באַוואָפנט געווען די יידן אין די פריערדיקע דורות וואָס האָט זיך בעיקר אויסגעדריקט אין זייער געבונדנקייט מיט העברעיש, אַ דאַנק דעם וואָס זיי זענען געווען פאַרוואָרצלט אין יידישקייט און האָבן געאָטעמט מיט נאַציאָנאַלן אינהאַלט. היינט הערשט אויף די אַלע געביטן אַ געוואַלדיקע עם הארצות. ווייניק יידן האָבן היינט אַן אַנונג וועגן דער ראָלע וואָס העברעיש האָט אַ מאָל אַזוי אָרגאַניש אויסגעפירט אין פּראָצעס פון פאַריידישן די לאַנדשפּראַך, אינעם אָנפילן זי מיט יידישן אינהאַלט.

ס׳איז אויך כדאַי צו דערמאָנען אַז די איצטיקע שפּראַך־אַסימילאַציע איז זייער ענלעך — ווי עס שרייבט ישראל עפּרויקין אין זיין פריער דערמאָנטער בראָשור — צו דער

לאַגע אין דער צייט פונעם העלעניזם, ווען די יידן האָבן נישט נאָר נישט געשטרעבט צו פאַריידישן די גריכישע שפּראַך, די דעמאָלטיקע לאַנדשפּראַך, נאָר געפּרוווט זיך צופּאַסן צו איר. דאָס האָבן דער עיקר געטאָן די העכערע קלאַסן אין מצרים נאָכהער אין ארץ ישראל. זיי האָבן זיך נישט באַנוצט מיט דער פאָלקסשפּראַך נאָר מיט דער גריכישער שפּראַך פון דעם העכערן העלעניסטישן קולטורקרייז. דאָס איז געווען אַ טענדענץ אויסצובייטן די פאָלקס־אינטערעסן און די נאַציאָ־נאַלע נויטן אויף דער שטרעבונג פון יחיד אָדער פון גאַנצע גרופּן צו דערגרייכן מער עקאָנאָמישן ווילזיין, און מער רעכט פאַר זייער סאָציאַלער גלייכשטעלונג. ס'איז באַקאַנט אַז דער סאָרט העלעניזם וואָס איז אַריינגעדרונגען אויך קיין ארץ ישראל און אַנדערע יידישע ישובים אין דעם ראַיאָן האָט צערודערט און אַסימילירט די יידן. דער רעזולטאַט איז געווען נישט נאָר דאָס אַנולירן די השפּעה פון העברעיש און אַראַמיש, נאָר אויך די אָפּשוואַכונג פון דער גאַנצער יידישער נאַציאָ־נאַלער אידענטיפיקאַציע. דאָס זעלבע חזרט זיך איבער אין אַ גרויסער מאָס אויך היינט ביים גרעסטן טייל פון די יידן אין די גלות־לענדער.

מיר דאַרפן עפּעס לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט און זוכן וועגן ווי אַזוי צו צוימען דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס וואָס באַהערשט אונדז היינט. ווען מען וועט אויספּירלעכער שטו־דירן די נאַציאָנאַלע און שפּראַכלעכע לאַגע פון אונדזער צייט וועט מען זיכער פאַרצייכענען אַז אַ מאָדערנער העלעניזם פרעסט אויף די בעסטע טיילן פון יידישן נאַציאָנאַלן קער־פּער. לאָמיר נישט פאַרגעסן אַז די אַקטיווע באַציִונג פון אַ פאָלק צו זיין שפּראַך און ליטעראַטור דריקט אויס טיפע נאַציאָנאַלע צוגעבונדנקייט און רופט אַרויס עמאָציע צו דער פאַרגאַנגענהייט אין דער געשיכטע פון פאָלק. אָט די ראָל שטייט פאַר דער יידישער שפּראַך. וואָס מער זי פאַרטיפט

אירע וואָרצלען אין די ווערטן פון נאַציאָנאַלן אינהאַלט, אַלץ מער וועט זי אַרויסרופן אינטערעס ביי די מאַסן אַז זיי זאָלן קעמפן פאַר איר. מיר האָבן שוין דערמאָנט אַז ח. נ. ביאַליק האָט אין זיין רעדע אין קאָוונע, אין יאָר 1930, וועגן דער „שאלת הלשונות בישראל", באַטאָנט נישט נאָר די גרויסע פאַרדינסטן פון יידיש לגבי העברעיש, נאָר האָט אויך אָנגעוויזן אַז אויב יידיש וויל האָבן אַ קיום און המשך דאַרף זי גיין האַנט ביי האַנט מיט עברית, ווייל נאָר אַזוי וועט זי האָבן אַריכות ימים. ביאַליק טייטשט אויך אויס, אַז נישט צופעליק איז אַ מאָל געווען דער נאָמען פון יידיש „עברי־טייטש" כדי צו באַצייכענען די ענגע פאַרבונדנקייט צווישן ביידע שפראַכן. אויב דער „טייטש" וועט זיך דערווייטערן פון „עברי", וועט עס אויך זיין אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר יידיש בכלל...

אַ יאָר נאָך ביאַליקס רעדע האָט דער באַקאַנטער יידי־שער שפראַכן־פאָרשער, מאַקס ווײַנרײַך, פאַרעפנטלעכט אַ גרע־סערע עסיי אין דער צייטשריפט „די צוקונפט" — ניו־יאָרק, אויף דער טעמע: „וואָס וואָלט יידיש געווען אָן העברעיש?" די דעבאַטע איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון די דעמאָלטיקע פאָרשלאָגן אין דער יידישער פרעסע וועגן רעפאָרמען אין יידיש. ס'איז באַקאַנט די שטעלונג פון נחום שטיף און אַנדערע, וועלכע האָבן פאָרגעשלאָגן צו דעהעברעאיזירן די יידישע שפראַך, מיינענדיק אַז דערמיט וועט מען פאַרלייכטערן דעם יידיש־רעדער. דאָס וואָלט זיכער געווען אַ צוגאָב־מאָטיוו אין דער צוקונפט צו דערלייכטערן די טאָטאַלע אויסלייזי־קונג פון דער יידישער שפראַך פון איר נאַציאָנאַלן אינהאַלט. ס'זענען אויך געווען פאָרשלאָגן איינצופירן אין יידיש די לאַטיינישע שריפט אָנשטאָט די העברעישע אותיות. אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד האָט מען איינגעפירט דעם פאָנעטישן אויס־לייג און דער „אמת" איז געוואָרן „עמעס". דאָס איז, אָן

ספק, געווען אַ ברוטאַלער פּרווו צו פאַרדאַרבן דאָס פּנים פון דער שפּראַך און אויסמעקן אין איר די העברעישע קאָמ־פּאָנענטן און השפּעה. כ׳דערמאָן עס איצט ווייל דאָס איז געשען גראָד אין אַ תקופה ווען יידיש האָט געהאַט דערגרייכט דעם אַפּאָגיי פון אַנטוויקלונג און מען האָט געמיינט, אַז מען דינט דער וועלטלעכקייט אויב מען וועט אַרויסטרייבן פון יידיש איר נשמה.

דאָס אַרטיקל פון ד״ר מאַקס ווײַנרייך איז אַ שאַרפער ענטפער אויף שטיפס קאָמוניסטישן פאָרשלאַג צו דעהעברע־יזירן די יידישע שפּראַך. נ. שטיף האָט געהאַט אָנגעוויזן אַז אין דער „יידישער שפּראַך זענען אַרייַנגעבראַכט געוואָרן די העברעישע עלעמענטן דורך דער רעליגיעז־גייסטיקער קול־טור, דורך באַלעבאַטים, סוחרים, כלי־קודש, לומדים״. דערויף ענטפערט אים ווײַנרייך: „אפשר וואָלט אָן דער דאָזיקער רעליגיעזער יידישקייט בכלל קיין יידישע שפּראַך נישט געווען״ און ווײַנרייך פירט אויס: „די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור־שפּראַך ווייזט גאָר אָן אַן אַנדער וועג איידער שטיף האָט פאַר אונדז געשילדערט. ביי שטיפן קומט אויס, אַז ס׳זענען געווען צוויי סטאַדיעס: יידיש־העברעישע אָקופּאַציע — און איצט — דעהעבראיזירונג וואָס ברענגט צוריק צו יידיש. אין דער אמתן **איז געווען גאָר אַנדערש**: טייטש (מיט אַ ביסל יידישער באַפאַרבונג) — פאַריידישונג (אין אָ גרויסער מאָס דורך דער ווירקונג פון די העבראיזמען) — אַ דייטשמערישער עפּיזאָד אין דער צווייטער העלפט פון 19טן און אָנהייב 20סטן יאָר־הונדערט — און איצטער אַ נייער יידישער אויפבוי, ווידעראַ־מאָל מיט דער שטאַרקער באַטייליקונג פון העברעישע עלע־מענטן״.

אַזאַ איז געווען די אייגנטלעכע, די געזונטע און ריכטיקע טענדענץ אין יידיש.

היינט, ווען מיר שטייען פּנים אל פּנים מיט דער נייער

ווירקלעכקייט מיט עברית אין מדינת ישראל, מוזן מיר מאַכן אַ ניכטערן און ריכטיקן חשבון הנפש לגבי דעם צוקונפט־גורל פון יידיש. ערשטנס דאַרפן די קנאים פון עברית אין דער ציוניסטישער מחנה נישט לעבן אין אַ פאַלשער אילוזיע אַז אויב יידיש וועט טאָטאַל אָפּגעשוואַכט ווערן אין ישראל און אין די תפוצות וועט עס זיין לטובת עברית אָדער ישראל. די חובבי ציון מעגן און דאַרפן וויסן אַז עברית וועט נישט געהאָלפן ווערן פון דער אָפּשוואַכונג פון דער יידישער שפּראַך. יידיש דאַרף און קען נאָך אויספילן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות און ס׳איז דער חוב פון דער עברית־מחנה צו העלפן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער יידיש־קולטור.

די צוקונפט פון יידיש ליגט אין געפינען מיטלען ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן די באַרירונג און מיטאַרבעט צווישן עברית און יידיש. אמת איז אַז היינט, אין אָנהייב פון די 80ער יאָרן ווען דער דורכשניטלעכער ייד איז פיל מער אָפּ־געפרעמדט פון העברעיש און פון יידישע ווערטן ווי עס איז געווען אין די פריערדיקע דורות, איז עס נישט קיין לייכטע מיסיע. מ׳לעבט נישט אין דעם יידישן גייסטיקן תחום. ס׳הערשט אַ שוידערלעכע איגנאָראַנץ אויף דעם געביט. דאָס צוריקגיין צו די יידישע, ד׳ה העברעישע וואָרצלען וועט אויך פאַרזיכערן אַז יידיש זאָל מער און מער איינגעפונדעוועט ווערן אין יידישן נאַציאָנאַלן באָדן און וועט קענען צוציען טיילן פון דער יידישער אינטעליגענץ, פון שטודירנדיקער יוגנט און אויך פון דער ברייטער פאָלקסמאַסע צווישן וועלכע ס׳מערקן זיך היינט צו טאָג אָנהענגערס פון יידיש און איר קולטור.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאַי צו דערמאָנען די גרויסע השפעה וואָס האָט בשעתו געהאַט אויף דער יידישער ליטעראַ־רישער שפּראַך און אויף די שרייבערס די תנ״ך־איבערזעצונג אין יידיש פון יהואָש. אָט די יהואָש־איבערזעצונג קען נאָך

אויך היינט זיין אַן ספק אַ וויכטיקע בריק צו שטאַרקן די יידישע וואָרצלען ביי אַ סך יידיש־אָנהענגערס און אַרויסרופן ביי פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג מער אינטערעס און צוגעבונדנקייט צו יידיש־קולטור.

פאַראַן אין ישראל, די לעצטע יאָרן בעיקר, דערמוטיקנ־דיקע סימנים פון אַ פאַרבעסערטן קלימאַט לגבי דער יידיש־קולטור. מיר זענען עדות אַז יידיש ווערט שוין אָפּגעשאַצט פון יענער זייט באַריקאַדע. פאַראַן אויך די ערשטע סימנים אַז געוויסע ערנסטע העברעישע שרייבערס און דענקערס מאַכן לעצטנס פּרווון זיך צו דערנענטערן צו דער יידיש־מחנה. דאָס זעלבע דאַרף אויך געשען מצד דער יידיש־מחנה. ס'איז אַ קעגנזייטיקער אינטערעס. דאָס מוז געשען אויב די צוקונפט פון יידיש איז אונדז טייער.

מיר לעבן איבער גורלדיקע טעג פאַר יידיש. ס'איז אָפּהענ־גיק פון אונדז צי מיר וועלן פאַרשטאַרקן אָדער אָפּשוואַכן די גרויסע מערכה פון דער צוקונפט פון דער יידיש־קולטור.

## אַ גורלדיקע באַגעגעניש

די באַגעגעניש צווישן יידיש און חסידות האָט געבראַכט צו זייער קעגנזייטיקער השפעה. די דאָזיקע היסטאָרישע באַ־געגעניש איז פאָרגעקומען אין מיטן 18טן יאָרהונדערט באַלד ביי דער אַנטשטייונג פון דער חסידות־באַוועגונג.

חסידות האָט מיט זיין גייסטיקן אימפעט און הויכע שטרעבונגען צעפראַלט די פאַרזיגלטע שפּראַך־טויערן פון יידיש וואָס איז אין יענער תקופה באַטראַכט געוואָרן ווי די שפּראַך פון פשוטן מענטש און פון ווייבער און האָט אַריינגעבראַכט אין איר נייע ווינטן, נייע באַגריפן, וואָס האָבן אין אַ גאָר קורצער צייט דערהויבן דעם אינהאַלט און אָנזען פון יידיש.

„אונדזער מאַמע־לשון איז געוואָרן חשובער, אָנגעזעענער, געהויבענער" — האָט אין זיין ברייטער אַרבעט וועגן ר׳ נחמן בראַסלאַווער, געשריבן שמואל ניגער (ווילנע 1932) — „אַ דאַנק חסידות איז דער יידישער פאָלקסמענטש געוואָרן תקי־פער ביי זיך". די באַגעגעניש צווישן יידיש און חסידות קען מען נישט מעסטן בלויז מיט דער צאָל ליטעראַרישע שאַפונגען וואָס זענען דעמאָלט דערשינען אין יידיש. עס האַנדלט זיך

דאָ אין אַ מעכטיקן גייסטיקן קער, וואָס האָט געלייגט זיין חותם אויפן יידישן לעבנסשטייגער במשך פיל וויטערדיקע דורות.

אויך חסידות איז פון דער באַגעגעניש מיט יידיש אַרויס מיט אַ רווח, ווייל זי האָט אין דער יידישער שפּראַך געפונען אַ גלענצנדיק צוגעפּאַסט מיטל אויף אַריינצוברענגען איר נייע טענדענץ וואָס איז געוואָרן אַ ווענדונג אינעם רעליגיעזן און טאָגטעגלעכן יידישן לעבן. חסידות האָט געטראָגן מיט זיך דערהויבענע שטימונגען וואָס זענען בכוח צו פאַרטרייבן דעם אומעט, די עצבות און אַנטוישונג אין וועלכע די יידישע פאָלקסמאַסן זענען געווען פאַרזונקען נאָך די פּאָגראָמען אין די יאָרן ת״ח און ת״ט און נאָך דער פאַלשער משיחישער באַוועגונג, וואָס האָט אויסגענוצט די פאַרצווייפלטע יידישע מאַסן, וועלכע האָבן געזוכט זיך אָנצוהענגען אין יעדן שטרוי פון האָפענונג אויף גאולה. שמעון דובנאָוו און י. ציניבערג האָבן געגעבן אַן אויספירלעך בילד פון דער שווערער לאַגע פון די יידן אין יענער צייט, וואָס האָט צוגעגרייט די אַנטשטייונג פון חסידות.

חסידות האָט דערפאָלגרייך אַדאָפּטירט יידיש אַלס איר וויכטיקסטן שפּראַך־אינסטרומענט צו אויסדריקן זיך און צו ברענגען צו דער ברייטער מאַסע די בשורה וועגן דער נייער גייסטיקער באַוועגונג. ס׳איז נישט געווען קיין צייט אין וועלכער יידיש זאָל אַזוי אַלזייטיק אויסגענוצט ווערן דורך אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג ווי דאָס איז געשען מיט חסידות. נישט נאָר די גרינדערס פון דער באַוועגונג אין שפּיץ מיטן בעש״ט, נאָר אויך צענדליקער אַנדערע באַרימטע צדיקים האָבן מיט יידיש און דורך יידיש צוגעצויגן צו חסידות דעם יידישן פאָלקסמענטש. חסידות וואָלט נישט דערגרייכט אירע צילן, ווען זי וואָלט נישט אויסגענוצט יידיש ווי די פאַרבינדונגס־שפּראַך מיטן פאָלק. האָט דעריבער די באַגעגע-

ניש צווישן חסידות און יידיש געבראַכט פרוכטבאַרע רעזול־טאַטן פאַר ביידע צדדים.

ס׳איז נישט צום פאַרשטיין פאַר וואָס עס זענען אַזוי ווייניק אָפגעשאַצט געוואָרן די פירות פון אָט דער היסטאָ־רישער באַגעגעניש, וועגן וועלכער מ׳ר טרעפן ס׳רוב בלויז ראַנד־באַמערקונגען ביי ערנסטע יידישע היסטאָריקערס און ליטעראַטור־קריטיקערס, וואָס קאַרגן בדרך כלל זיך אָפצו־שטעלן ברייטער אויפן גורלדיקן וועג פון יידיש און חסידות אין 18טן יאָרהונדערט און די השפעה אויף די קומענדיקע דורות.

אמת, די חסידישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ גרויסער קעגנערשאַפט בעיקר מצד דער מתנגדישער וועלט [1] און שפעטער מצד דער „השׂכלה״. טראָץ דעם האָט חסידות באַוויזן אין אַ קורצער צייט אַריינצודרינגען אין דעם רוב פון די יידישע קהילות. נישט די חרם־אַקטן פון די מתנגדים און נישט די בייסיקע און שווערע אַטאַקעס פון דער „השׂכלה״ האָבן באַוויזן צו פאַרהאַלטן דעם חסידישן שטראָם. דער דערפאָלג פון חסידות האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ דער־הויבענעם מעמד פון יידיש.

וואָלט יידיש ממשיך געווען איר ווינקלדיקן כאַראַקטער, איר בלייבן אינהאַלט ווי ביז צום דערשיינען פון חסידות, וואָלט יידיש נישט באַקומען די גייסטיקע טראַנספּוזיע פון די נייע געדאַנקען און אויפפאַסונגען וועלכע זענען געקומען פון חסידות און האָבן דערפירט דערצו אַז יידיש־לשון זאָל זיך אָננעמען און אָנשעפּן מיט נייע ווערטן און אויפגאַבן פאַרן ליידנדיקן יידישן פאָלק, וואָלטן מיר היינט נישט געהאַט פאַר זיך די אַלע גרויסע דערגרייכונגען פון יידיש און פון

1. זע מרדכי וילנסקי: חסידים ומתנגדים (לתולדות הפולמוס שביניהם בשנים תקל״ב — תקע״ה, 1772 — 1815), מוסד ביאליק, זייטן 12—26.

דער יידישער יצירה. חסידות האָט מיט איר פרייד און התל־
הבות, מיט איר טיפן גלויבן אין דער צוקונפט פון פאָלק,
אַרויסגערופן אין פאָלק אַ גרויסן צוטרוי, אַ דערנענטערונג
צום פשוטן יידישן פאָלקסמענטש. דערמיט האָט חסידות
אויסגעפילט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות פאַר צעמענטירן
און אינערלעך שטאַרקן דאָס יידישע פאָלק.

דב סדן האָט אין זיין אַרומנעמיקן עסיי וועגן אונדזער
ליטעראַטור [2] אָנגעוויזן, אַז מען קען נישט מאַכן קיין ריכטיקן
באַלאַנס פון דער העברעישער ליטעראַטור אָן דער געהערי־
קער אָפּשאַצונג פון דער וויכטיקער ראָל פון חסידות ביים
נוצן יידיש, די לעבעדיקע פאָלקסשפּראַך, ווי אַ הויפּטמיטל
פאַרן פאַרשפּרייטן איר לערע. אין יענער תקופה האָט מען
זיך לייכט געקענט אָנטרעפן אויף אַ העברעישן טעקסט אין
וועלכן מען האָט גלייך געקענט דערקענען דעם יידישן מקור.
כאָטש ער איז געווען געשריבן אין העברעיש איז דער מקור
געווען יידיש. חסידות האָט אַדאַפּטירט יידיש אין איר פאַר־
צווייגטן און רייכן אויסדרוק און אויפקלערונג אין פאַרשי־
דענע פאָרמען און דאָס האָט גורם געווען דעם וואַקסנדיקן
אָנזען פון יידיש.

די חסידישע באַוועגונג איז אַנטשטאַנען אין מיטן פון
18טן יאָרהונדערט אין מזרח־אייראָפּע, אין פּאָדאָליער געגנט
און איר גרינדער ר' ישראל בעל שם טוב (1699—1760) האָט
באַצויבערט די יידן פון דער גאַנצער געגנט. מ'דאַרף אונטער־
שטרייכן אַז גראָד אין יענער צייט הויבט זיך אויך אָן די
תקופה פון „ניי־יידיש" וואָס ציט זיך פון 17טן יאָרהונדערט
און שטייגט אַלץ העכער און ברייטער אין מזרח־אייראָפּע.
אין אָט דעם באַנייטן יידיש־צענטער איז דערשינען דאָס חסי־
דות, וואָס האָט אַן אַנטשיידנדיקן שטויס געטאָן יידיש אויף

2. דב סדן: „על ספרותנו מסת־מבוא, „ערכים", ירושלים תש"י, זייטן 28־29.

ברייטערע שליאַכן ווי די אויף וועלכע עס האָט זיך פֿריער געפֿונען. וואָלט יידיש געבליבן שטעקן מער אין מערב, אין די דייטשישע געגנטן, וואָלט די השפּעה פֿון חסידות נישט דער־גרייכט צו יידיש און דער היסטאָרישער שידוך צווישן יידיש און חסידות וואָלט נישט פֿאָרגעקומען. דער גורל האָט אָבער צוגעשפּילט אונדזער פֿאָלק דורך דעם וואָס אין דער צייט פֿון זיין צערודערטקייט און דערשלאָגנקייט פֿון די גזירות פֿון ת״ח, פֿון פֿאַלשן משיחיזם און האָפֿנונגסלאָזן גייסטיקן צושטאַנד, איז דערשינען דער חסידיזם, וואָס דער שר האומה האָט פֿאַר אים צוגעגרייט דעם וויכטיקסטן מיטל — יידיש, כדי די צוויי פֿאַקטאָרן זאָלן זיך פּרוכטיק באַגעגענען.

### וואָס האָט מיט זיך געבראַכט חסידות

ס׳איז דאָ נישט דאָס פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן אויספֿירלעך אויף דער אייגנאַרטיקייט פֿון דער חסידישער באַוועגונג אין 18טן יאָרהונדערט און אָפּשאַצן איר גרויסע השפּעה אויפֿן יידישן פֿאָלק. קלאָר איז אַז די הויפּטשטרעבונג פֿון חסידות איז געווען צו דערנענטערן דעם יידן צו גאָט דורך מעשים טובים, דורך רעליגיעזער התלהבות וואָס קען קומען בלויז דורך שמחה און נישט דורך עצבות,[3] ווייל נזירות און פּייני־קונגען פֿון גוף וועלן נישט דערפֿירן צום ציל. חסידות איז בשעתו געווען ממש אַ רעוואָלוציאָנערע אויפֿפֿאַסונג לגבי דעם פּשוטן פֿאָלקסמענטש, ווען חסידות האָט טאַקע אויף דעם וועג דערנענטערט צום רבונו של עולם און אַזוי אַרום אַריינגעבראַכט אַ פֿולשטענדיקן שינוי אין דעם וועלטבאַנעם און לעבנסוועג פֿון מאמין. חסידות איז געוואָרן דער פֿאָנען־

3. דובנאָוו, געשיכטע פֿון חסידים, זייטן 28־29.

טרעגער פון פאָלקסמענטש און האָט גלענצנדיק אויסגענוצט זיין לעבעדיקע יידישע שפּראַך אַלס מיטל אים מסביר צו זיין דאָס גרויסע ליכט פון דער נייער שיטה. דעריבער איז ריכטיק צו זאָגן, אַז די קבלה האָט געשטרעבט אויפצוהויבן די ערד ביז צום הימל, בעת חסידות האָט געבראַכט דעם הימל צו דער ערד. ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך אַז דער חסידישער תורה שבלב איז שנעל געלונגען זיך צו פאַרשפּרייטן צווישן די פאָלקסמאַסן און צו ווערן כמעט די דעצידירנדיקע מערהייט פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

דער ליכטשטראָם פון חסידות איז געקומען אין אַ צייט ווען דאָס יידישע פאָלק, בעיקר אין פּוילן, איז געווען פאַרי־אושט, מאָראַליש און פיזיש צעבראָכן. ווען אויפן באָדן פון פאַלשן משיחיזם זענען אויך אויף אַ ווײַלע דערשינען פאַר־שידענע גייסטיק־קאַרומפּירטע עלעמענטן וואָס דער בולטסטער פון זיי איז געווען יעקב פראַנק, וועלכער האָט געשטרעבט דורך טומאה און אויסגעלאַסנקייט צו ברענגען די גאולה פאַר יידן. דעם פראַנקיזם איז געלונגען צו פאַרפירן אַ טייל יידן, ער האָט אָבער אויך אַרויסגערופן עקל און אַ שאַרפן ווידער־שטאַנד צו זיינע מיאוסע מעשים.[4] כמעט אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלבער געגנט פון דעם פראַנקיזם, איז אויפגעקומען דער חסידיזם.

ווען מען לייענט וועגן די אָנהויבן פון דער חסידישער באַוועגונג, ווערט מען דערשוינט פונעם ריזיקן כוח פון בעש״ט, וועלכער האָט פון אָנהויב, אַלס יחיד, אַזוי העלדיש געקעמפט קעגן די אַלע באַשמוצונגען און רדיפות קעגן אים ביז ער האָט איינגעבראָכן די שנאה־וואַנט און מיט זיין לערע און לעבנס־וועג אַריינגעדרונגען אין די ברייטע יידישע מאַסן. זיין גיין

4. זע ד״ר י. צינבערג „די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 8, זייטן 28—32.

קעגן שטראָם האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג, ווייל ער האָט זיך נישט פאַרמאַכט ביי זיך אין די ד׳ אמות, נאָר ער האָט כסדר אַרומגעוואַנדערט און איז געקומען אין באַרירונג מיט יידן. ער האָט געזוכט דעם ליידנדיקן יידן צו העלפן, שטענדיק גערינט אַלס ביישפּיל און מחמת זיינע מעשים טובים איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַרער פיגור. אליעזר שטיינמאַן[5] האָט זייער טיף און טרעפלעך געמאָלט די גרויסע געשטאַלט, וואָס אַנטפּלעקט אין אַ גרויסער מאָס דעם סוד פונעם דערפאָלג פון דער חסידישער באַוועגונג. קיין שום גייסטיקע באַוועגונג ביי יידן האָט נישט אַרויסגערופן אַזוי פיל פרייד און אויפפרישונג פון גוף און נשמה ווי דאָס האָט באַוויזן צו טאָן דאָס חסידות. דער בעש״ט האָט געפּרעדיקט אַז עס איז נישט גענוג נאָר צו לערנען תורה, נאָר מען מוז אויך זיין באַפליגלט פון אַ טיפן געפיל פון פריידיקער אמונה און בטחון, וואָס דערהויבט דעם יחיד צו זיין אַ שותף צום אייבערשטן. ער האָט אַלץ געטאָן כדי צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה, וועלכע האָט דאַן געהאַט באַהערשט די יידישע פאָלקסמענטשן. אין אָט דעם קאַמף מיט דער עצבות און מרה־שחורה האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס ליכט פון דעם בעש״טס אויפפאַסונג, וועלכע האָט טאַקע געוווּנען דעם צוטרוי פון די פאָלקסמענטשן.

אַ גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג קען דער־גרייכן אירע צילן, נאָר ווען זי איז באַגלייט מיט דבקות צו גרויסע מאָראַלישע ווערטן. דאָס האָט באַשטעטיקט דאָס חסידות, וואָס האָט געלערנט אַז נישט די טרוקענע דאָגמאַ־טישע תורה נאָר גייסטיקע התרוממות און התלהבות איז מסוגל אויפצוהאַלטן די פאָלקס־נשמה.

דער בעש״ט האָט זיך באַנוצט מיט יידיש ווי מיט אַ מיטל

---

5. א. ל. שטיינמאַן: ר׳ ישראל בעל שם טוב, אין דער סעריע: „באר החסידות״, ווי אויך אין בוך: „אינטים מיט דער וועלט״, יאָר 1971, פאַרלאַג „המנורה״, ז׳ 256—270.

צו באַפליגלען זיינע יידישע פאָלקסמענטשן מיט זיין לערע און לעבנסוועג. די יידישע שפּראַך איז דורכן בעש"ט אַרויס אויפן דרך המלך פון יידישן קולטור־לעבן. דעם בעש"טס בייטראָג צו דערהויבן יידיש אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט אויסגעפלאַסטערט דעם וועג פאַר אַנדערע גרויסע דערגרייכונגען פון יידיש אין משך פון די שפּעטערדיקע דורות. דער בעש"ט האָט גערעדט יידיש מיט זיינע תלמידים און נאָכפאָלגערס. ער האָט אין זיינע דרשות און פערלדיקע מעשיות אַריינגעטאָן פיל קינסטלערישן שטאָף, וואָס איז שפּעטער טאַקע אויסגענוצט געוואָרן דורך שרייבערס. ווייניק איז געפאָרשט געוואָרן די תקופה פון חסידות און בעש"ט אין דער אַנט־וויקלונג פון יידיש. אַפילו די קרייזן וואָס יידיש איז ביי זיי דער רוקנביין פון זייער קולטור־טעטיקייט און פאָרשונג האָבן נישט אַריינגעלייגט קיין סך מי אויף דעם געביט.

דעם בעש"טס תלמידים און נאָכגייערס האָבן מיט גרויס טריישאַפט נאָכגעפאָלגט דעם וועג פון זייער רבין און האָבן אויסגעברייטערט דעם קרייז חסידישע אָנהענגערס. אַזוי ווי דער בעש"ט, האָבן זיי גענוצט יידיש אַלס זייער בעסט געווער אין דער אויפקלערונג, אין מסביר זיין זייער לערע. זיי האָבן אָבער גלייכצייטיק געזאָרגט אַריינצוברענגען די צוגעבונדנקייט צו לשון קודש, טראָץ דעם וואָס יידיש איז געווען די לעבע־דיקע שפּראַך פון טאָג־טעגלעכן לעבן. זיי האָבן געזאָרגט אַז זייערע געדאַנקען און גייסטיקע שאַפונגען זאָלן אויך האָבן אַ העברעישן לבוש. אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן מיטן בעש"ט און אַזוי האָבן ממשיך געווען זיינע גרויסע תלמידים און נאָכפאָלגערס. די שבחי בעש"ט אין לשון קודש און יידיש, ווי אויך די שבחי ר' נחמן בראַסלאַווער אאַנ"ד האָבן געדינט אַלס יסוד פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, פאַר די גרויסע יידיש־שעפערס וועלכע האָבן אין די ווייטערדיקע דורות זיך גענוצט מיט דער צווייזפראַכיקייט. דאָס איז געווען די גאָל־

דענע תקופה פון ברודערשאַפט צווישןביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן: די שפּראַך פון אייביקייט — העברעיש און די שפּראַך פון דער צייט, פון לעבעדיקן פאָלקסאויסדרוק — יידיש.

די אייגנאַרטיקייט פון דער חסידישער לערע און די צויבערקראַפט וואָס זי האָט געהאַט ביי די פאָלקסמאַסן האָבן אַרויסגערופן ביי אַ טייל פון די דעמאָלטיקע רבנישע קרייזן אַ צאָרנדיקע קעגנערשאַפט צו דער נייער באַוועגונג — חסידות. דער צאָרן איז געווען אַזוי גרויס אַז די מתנגדים, די רבנישע קרייזן, האָבן אָנגעהויבן ממש רודפן די חסידים ביזן אַרויפלייגן אויף זיי אַ פולשטענדיקן חרם. די הויפּט־באַשולדיקונג פון די מתנגדים[6] קעגן די חסידים איז געווען אַז די לעצטע באַציען זיך מיט ביטול צום לימוד התורה און זענען מבזה אירע לומדים. צווישן אַנדערע האָבן זיי זיך סומך געווען אויף די רייד פון בעש״ט, אַז דאָס דערגרייכן צו מדרגות עליונות מוז נישט זיין קיין פועל יוצא פון לערנען אַ סך תורה, ש״ס און פוסקים, נאָר בעיקר דערפון וואָס מען דאַווענט בכוונה. דער קאַמף איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער ווילנער גאון האָט זיך דירעקט אַריינגעמישט און אויך געשריבן שאַרפע בריוו קעגן חסידיזם. די חסידים־מחנה איז נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער און האָט אָפּגעשטויסן די אַטאַקעס קעגן זיך.

דער סכסוך צווישן די חסידים און מתנגדים האָט גע־דויערט מער פון 40 יאָר (1772—1815). ערשט שפּעטער האָבן ביידע צדדים, די חסידים און מתנגדים, דערזען אין דער „השכלה״־באַוועגונג זייער בשותפותדיקן קעגנער און דאָס האָט אָפּגעשוואַכט צווישן זיי די פיינטלעכע באַציונגען.

---

6. מרדכי ווילנסקי: „חסידים ומתנגדים״ לתולדות הפולמוס שביניהם בשנים תקל״ב—תקע״ה (1772—1815), זייטן 15—26.

די תקופה פון חסידות האָט אויסגעשליפן דאָס יידישע לשון און עס געבראַכט צו אַ העכערער מדרגה. אַ דאַנק דעם חסידיזם איז יידיש רייף געוואָרן אויסצופירן אַן אַלץ ברייטערע שליחות אין יידישן לעבן.

## די קינסטלערישע השפעה פון חסידות

דער גייסטיקער אינהאַלט פון חסידות האָט אין זיין מהות געהאַט אַ קינסטלערישע נייגונג, אַ נטיה צו פאַנטאַזיע, בילדערישקייט, ראָמאַנטיק, טיפער עמאָציע, צו שיינע מעשיות און לעגענדאַרע דערציילונגען. דאָס אַלץ האָט געגרייט די יסודות פאַר קינסטלערישע שאַפונגען פון חסידות, וועלכע זענען, ווי געזאָגט, אויסגעדריקט אין יידיש.

לויט דעם ווילן פון די דערציילער־צדיקים אָדער מגידים, איז אַ גרויסע טייל פון זיי איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיש. מען קען לייכט דערקענען לויטן בוי פון די העברעישע זאַצן, אַז דאָ האַנדלט זיך אין אַן איבערזעצונג פון יידיש.

די קרוין פון דער חסידישער קינסטלערישער שאַפונג זענען די חסידישע דערציילונגען וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די גרויסקייט פון דעם חסידות־שעפער, ר׳ ישראל בעל שם טוב און אַרויסגעהויבן זיינע מעשיות, משלים און תורה־טייטשן צו אַן עכט ליטעראַרישער שאַפונג. אין „שבחי ה־בעש״ט" אין העברעיש און יידיש, וואָס איז דערשינען נאָך זיין טויט, דערציילט פון זיינע תלמידים, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייער רבין, קומט אין יעדן ווינקל צום אויסדרוק דאָס קינסטלערישע. די ערשטע אויסגאַבע פון „שבחי בעש״ט" איז דערשינען אין דעם שטעטל קאַפּוסט, אין מאָהילאָווער קרייז אין יאָר 1814 (תקע״ה).[7] דאָס ספר האָט געהאַט אַ

7. חנא שמרוק: „ספרות יידיש, פרקים לתולדותיה" 1978, זייטן 198—204.

געוואַלדיקע השפּעה אויף דער מאַסע חסידים, עס האָט אַנט־האַלטן די יסודות פון דער חסידישער שיטה אָנגעטאָן אין אַן עכט קינסטלערישן לבוש.

ס׳זענען געווען וויכטיקע חסידים צדיקים, צווישן זיי ר׳ נחמן בראַסלאַווער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן מיט אַ געווי־סער רעזערוואַציע לגבי די „שבחי הבעש״ט״. דאָס האָט אָבער נישט פאַרמינערט מיט גאָרנישט דעם בעש״טס געשטאַלט אין די אויגן פון פאָלק. דער פאָלקסמענטש האָט געשעפּט פון די לעגענדעס און דערציילונגען פון בעש״ט זיין גייסטיקע יניקה. מיט רעכט באַטאָנט ש. א. האָראָדעצקי,[8] אַז דער ספר „שבחי הבעש״ט״ איז גערעכנט נישט ווי קיין איינפאַך בוך און מען דאַרף עס לייענען מיט אַ באַזונדערער כוונה. עס פלעגט זיך שטענדיק געפינען פאַר די אויגן פון דעם חסיד, וועלכער פלעג דערין אַריינקוקן. דאָס איז געווען דער ספר פון לעבן פאַר טויזנטער יידן צו וועלכע עס האָט געברענגט ענטוזיאַזם, געשטאַרקט זייער אינספּיראַציע און פאַרפעסטיקט זייער אמונה. דער ספר איז שפּעטער שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן דורך פיל נייע אויפלאַגעס. ענלעך צו די „שבחי הבעש״ט״ איז אויך געווען דער ספר „שבחי הר״ן״ פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער. ביידע ספרים זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין מער פון זעקס טויזנט עקזעמפּלאַרן. פאַר דער דעמאָלטי־קער צייט איז דאָס געווען אַ קאָלאָסאַלע דערגרייכונג. וואָלטן מיר גענוצט אַ מאָדערנעם אויסדרוק פון ליטעראַרישער בי־כער־פאַרשפּרייטונג, וואָלטן מיר געקאָנט באַצייכענען, אָן קיין שום איבערטרייבונג, אַז „שבחי הבעש״ט״ און „שבחי הר״ן״ זענען געווען די ערשטע „בעסטסעלערס״ פון דער חסידישער קינסטלערישער שאַפונג.

---

8. ש. א. הורודצקי: „ספר שבחי הבעש״ט״, אין דער הקדמה (יאַר תש״ז), זייטן י״א—כ״ז.

אויב דער בעש״ט האָט אָנגעצייכנט דעם וועג פון קינסט־לערישן אויסדרוק אין חסידות, האָבן די תלמידים זיינע אַדאָפּטירט מיט התלהבות דעם אויסגעטראָטענעם וועג. ר׳ נחמן בראַסלאַווער, דער גאון, האָט דערגרייכט דעם העכסטן קינסטלעריש־ליטעראַרישן אויסדרוק אין זיינע „סיפּורי מעשיות״.

ווען מען באַהאַנדלט די ליטעראַרישע און קינסטלערישע שאַפונג פון חסידות, איז מען געוווינט בדרך כלל אָנצוּווייזן אַז די צוויי ספרים „שבחי הבעש״ט״ און „סיפּורי מעשיות״ פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער זענען כמעט די איינציקע קינסטלע־רישע שאַפונגען. אָן ספק זענען עס די בולטסטע שאַפונגען אין דעם גרויסן קינסטלערישן בייטראָג פון חסידות וואָס האָט אַרומגענומען פיל אַנדערע ספרים, וועלכע אַנטהאַלטן הונדערטער מעשיות, וואָס קענען אַריינגערעכנט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון ליטעראַרישער שאַפונג. אַזוי קענען מיר אָנצייכענען[9] אַ ריי ספרים אין וועלכע ס׳זענען געזאַמלט גע־וואָרן אַ גרעסערע צאָל פון אייגנאַרטיקע מעשיות דורכגע־פלאָכטן מיט לעגענדאַרע שאַפונגען, ווו וויזיע און טיילווייז מיסטיק און טיפע ראָמאַנטיק באַגלייטן די קינסטלערישע יצירה. אַזוי קען מען דערמאָנען די „מעשי צדיקים״, „מפעלות צדיקים״, „דברי צדיקים״, „ספר הדורות החדש״, „פּאר מקדושים״, „מעשיות בהגדולים והחסידים״ א. אַנד. אין די אַלע אויסגאַבעס זענען איינגעפלאַנצט אַ גרויסע צאָל קינסט־לעריש־ליטעראַרישע שאַפונגען, באַהויכט מיט אַ פאָלקס־טימלעכן נוסח, מיט בטחון און פרייד, מיט דערהויבנקייט און האָפענונג. פון די ווונדערלעכע מעשיות פילט זיך אַרויס די עפּישע ליריק און די גייסטיקע דערהויבנקייט פון די גרינ־דערס פון חסידות, וואָס זייער קינסטלערישער בייטראָג ליגט

9. ד״ר י. צינבערג: באַנד 8, זייטן 159—162.

אויף דער ליניע פון די וויכטיקע שאַפונגען פול מיט גייסט און דערהויבנקייט, וועלכע מיר באַגעגענען ביי אַלטע פעלקער.



ס׳איז קיין ספק נישט אַז ר׳ נחמן בראַסלאַווער האָט געטראָגן די ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרוין פון חסידות. זיינע איינדרוקספולע מעשיות האָבן דערגרייכט אַ הויכן סטאַנדאַרד פון חסידישער קונסט, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט ביי די פאָלקסמענטשן און איז אויך געוואָרן דער גייסטיקער קוואַל פאַר די קומענדיקע דורות.

ש. ניגער שרייבט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן די „סיפורי מעשיות״.[10] ער זוכט נישט אין זיי דעם רעליגיעזן גלויבן, נאָר די פונקען פון שיינקייט, ער פילט אין זיי די גרויסע עסטעטישע הנאה. אויב ר׳ נחמנס חסידים זענען דורך זיינע מעשיות אַריין אין רעליגיעזן עקסטאַז, זענען אַנדערע באַווירקט געוואָרן דורך זיין שעפערישער פאַנטאַזיע וואָס האָט זיך צעשפּילט אויף אַלע כלים. די רייכקייט, די שפע פון ר׳ נחמנס פרישע און פריי זיך שפּילנדיקע כוחות, די מעכטיקע אויסשפּרייטונג פון זיינע פליגלען האָט פאַרשאַפט די לייענערס אַ ווונדערלעכן גענוס — באַטאָנט ש. ניגער.

אין די ראַמען פון מיין אַרבעט קען איך נישט ברענגען קיין אויסצוגן פון די „סיפורי מעשיות״ כדי צו אילוסטרירן אַז ס׳איז ראוי צו באַטיטלען ר׳ נחמנס מעשיות אַלס ערשטע קינסטלערישע יצירה.

ר׳ נחמן האָט נישט נאָר באַוויזן זיינע גאונישע פעיקייטן ביים דערציילן די לעגענדאַרע און פאַנטאַסטישע מעשיות וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם פאָלקסמענטש, ער איז אויך געווען דער

10. ש. ניגער: ר׳ נחמן בראַסלאַווער און זיינע „סיפורי מעשיות״, זייטן: 154—157.

טרעגער פון הומאַניטאַרע געפילן צום אָרום. ער האָט געפּריי־דיקט, אַז דער מענטש זאָל נישט פאַרדאָרבן ווערן דורך עשירות, נישט פאַרלירן די עיקר־יסודות פון יהדות: פשטות און תמימות, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז נאָר אַ מענטש וואָס קען גובר זיין דעם יצר פון תאווה און רייכטום קען דער־גרייכן מיט זיין תפילה בכוונה זיינע האָפענונגען און זיינע שטרעבונגען. דערביי זאָגט ר׳ נחמן צו זיינע תלמידים[11] אַז „בתמימות אסור להיות שוטה״, „מען טאָר נישט דורך תמימות זיין אַ שוטה ווייל כל זמן די מענטשן זענען נישט באַלויכטן מיטן ליכט פון וויסן פאַרשטייען זיי נישט די מאַכט פון געטלעכקייט און זענען קיין מענטשן נישט״.

אין ר׳ נחמן בראַסלאַווערס חסידישן וועלטבאַנעם האָט דער ניגון[12] און דער טאַנץ פאַרנומען אַ זייער וויכטיקן פּלאַץ. לויט ר׳ נחמנען איז דאָס העכסטע אין דער וועלט — די שיינקייט פון ניגון. אין ניגון געפינט מען די דריי גרונט־פאַרבן פונעם רעגנבויגן. דער ניגון איז דער מאַנטל פון דער שכינה, דערקלערט ער זיינע תלמידים, דער ניגון שאַפט די פרייד, שאַפט דעם רוח־הנבואה, וואָס איז דער פולסטער קעגנזאַץ פון עצבות־רוח. ר׳ נתן נעמיראָווער, דעם בראַסלאַ־ווערס בעסטער תלמיד און זיין סופר, דערציילט אַז ר׳ נחמן פלעגט זינגען איינער אַליין אַן אייגענעם ניגון. זינגענדיק אַזוי זיין ניגון, פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן אין אַ טאַנץ און ווער ס׳האָט נישט געזען ר׳ נחמנען טאַנצן האָט נישט געזען קיין גוטס אין זיין לעבן.

פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער זענען פאַראַן פיל מעשיות. די סאַמע אויטענטישע, וואָס זיין תלמיד ר׳ נתן נעמיראָווער (שטערנהאַרץ) האָט פאַרצייכנט און איבערגעזעצט אין הע־

11. י. צינבערג: באַנד 8, זייט 155.

12. י. צינבערג, זייטן 145—146.

ברעיש זענען די דרייצן מעשיות: 1) די מעשה פון מלך מיט דער בת־מלכה. 2) די מעשה וועגן אַ קיסר און אַ מלך וואָס האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. 3) מעשה בחכם אחד. 4) אַ מעשה וועגן אַ מלך וואָס האָט גוזר געווען אַ גזירת שמד. 5) אַ מעשה וועגן אַ מלך. 6) מעשה במלך וחכם. 7) אַ מעשה וועגן אַ מלך וואָס האָט געפירט מלחמות. 8) דער רב מיטן בן־יחיד. 9) מעשה בחכם ותם. 10) די מעשה וועגן גביר און דעם אָרעמאַן. 11) די מעשה וועגן בן־מלך און קנעכטס זון. 12) די בעשה וועגן בעל־תפילה. 13) מעשה מיט די זיבן בעטלערס.

מען דאַרף לייענען און נאָך אַ מאָל לייענען די דאָזיקע מעשיות כדי צו דערפילן דעם וווּנדערבאַרן טעם פון דער חסידישער קינסטלערישער דערציילערישקייט. כ׳וויל נאָר באַ־מערקן, אַז די מעשה מיט די זיבן בעטלערס איז איינע פון די טיפסטע דערציילונגען פון ר׳ נחמן. זיין תלמיד ר׳ נתן נע־מיראָווער באַמערקט אין נאָמען פון ר׳ נחמן, אַז אין די זיבן בעטלערס איז דאָ אַ גרויסער חידוש, און אַז די מעשה אַליין איז אַ גרויסער און וווּנדערבאַרער חידוש און גליקלעך וועט זיין דער וואָס וועט פאַרשטיין די סודות פון דער מעשה.

ס׳איז באַקאַנט אַז גראָד אין דער וווּנדערלעכער מעשה מיט די זיבן בעטלערס, האָט ר׳ נחמן דערציילט נאָר וועגן 6 בעטלערס. וועגן זיבעטן בעטלער איז גאָרנישט געזאָגט געוואָרן און דאָס פאַרבלייבט אַ רעטעניש.

אין משך פון דורות האָבן שרייבערס און דענקערס זיך פאַרמאָסטן צו זוכן אַן ענטפער פאַרן זיבעטן בעטלער. כ׳וויל דערמאָנען נאָר צוויי פאַלן: אהרן צייטלין [13] באַשרייבט ווי ר׳ נחמן האָט זיך באַזעצט אין אומאַן (נאָך דער גרויסער שריפה אין בראַסלאַוו ווּ זיין הויז איז פאַרברענט געוואָרן)

13. אין „גלאָבוס״, וואַרשע, 193.

לעבן דעם בית־עולם, אַז די גרענעץ צווישן די וועלטן זאָלן אים תמיד שטיין פאַר די אויגן. „דאָס בית־הקברות קומט אים פאָר ווי אַ ריזיקע מעשה, און די מעשה גופא איז גלייך צו אַ דערציילערין, זי עפנט דאָס מויל, דערציילט זיך אַליין...", „און אָט קומען די זעקס בעטלערס פון דער „מעשה מיט די זיבן בעטלערס", שאַרן זיך צווישן מצבות, שוואַרצן די גרענעץ פון די צוויי וועלטן, בלייבן שטיין מיט אַמאָל, די קעפּ און די טאָרבעס פאַרוואָרפן אויף אַ הינטער און פרעגן זיך אַליין זעקס מאָל: — „איך לוקחים לכאן, ווי נעמט מען אַהער, את הבעטלער השביעי, דעם זיבעטן בעטלער?"

אויך איציק מאַנגער[14] נאָך דעם גרויסן נאַצישן חורבן, זוכט אַ תשובה ביים זיבעטן בעטלער דעם אומבאַקאַנטן. אין זיין ליד „צום בראַצלאַווערס זיבעטן בעטלער" שרייבט ער:

**„זיבעטער בעטלער, פאַרענדיק די מעשה!**
**מיר זענען די לעצטע הערער.**
**אַזוי פיל יידן האָבן זיך נישט דערוואַרט,**
**צו וואָס זשע וואַרטסטו מערער?**
**זיבעטער בעטלער, דו דרימלסט, דו שווייגסט,**
**און די וואָלקנס ווערן שווערער —**
**מיר וואַרטן, דערצייל, טאָמער ווערט צו שפּעט,**
**ווער וועלן זיין די הערער?**

דער אָפּקלאַנג פון די „סיפּורי מעשיות" ביי פאַרשידענע וויכטיקע יידישע שרייבערס זאָגט עדות וועגן דעם טיפן קינסט־לערישן אויסדרוק פון ר' נחמן בראַסלאַווער. אויף דער ווייַ־טערדיקער השפעה פון דער חסידישער קינסטלערישער יצירה וועלן מיר זיך שפּעטער לענגער אָפּשטעלן. מיר ווילן דאָ נאָר

14. איציק מאַנגער, ליד און באַלאַדע, ניו־יאָרק 1952, זייט 458.

דערמאָנען, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ גרויסע מחלוקת ווי אַזוי ר׳ נחמנס „סיפּורי מעשיות״ זענען געשאַפֿן געוואָרן. מען ווייסט אַז די אָנפֿירערס פֿון חסידות האָבן אין זייערע דרשות און אין די „סיפּורי מעשיות״ זיך באַנוצט מיט יידיש און דאָ, ווי געזאָגט, איז געלעגן דער רענעסאַנס פֿון יידיש. ס׳איז געווען אַ פּלוגתּא צי דער סופֿר פֿון ר׳ נחמן בראַסלאַווער, ר׳ נתן נעמי־ראָווער, האָט געהערט די יידישע מעשיות, זיי פֿאַרנאָטירט און דערנאָך זיי איבערגעזעצט אין העברעיש. דאָס איז אויך געווען דער ווונטש פֿון ר׳ נחמן בראַסלאַווער. פֿון דער פֿילזייטיקער דעבאַטע קומט ש. ניגער צו דער מסקנה, אַז די געהערטע „סי־פּורי מעשיות״ זענען פֿאַרשריבן געוואָרן אין יידיש און דערנאָך איבערגעזעצט אין לשון קודש. אָבער אויך די אָנגענומענע ווער־סיע באַפֿרייט נישט ר׳ נתן נעמיראָווער פֿון דער אַלגעמיינער קריטיק, וואָס הערט זיך פֿון אַלע זייטן, אַז דער נוסח און פֿיל מאָל דער בוי פֿון די פּראַזן אין די „סיפּורי מעשיות״ אין יידיש ווי אויך אין העברעיש זענען געגעבן געוואָרן אין אַ זייער אָפּ־געלאָזענער פֿאָרם. גראָד דער טיפֿער אינהאַלט פֿון די מעשיות האָט געפֿאָדערט אַ מער פֿאָרזיכטיקן צוגאַנג צום טעקסט פֿון דעם ספֿר. דער ענטפֿער איז באַזירט אויף באַמערקונגען פֿון ר׳ נתן נעמיראָווער (וואָס איז גערעכנט געווען אַלס דער געטרייסטער תלמיד פֿון נחמן בראַסלאַווער), אַז ער האָט געוואָלט אָפּהיטן יעדעס וואָרט וואָס איז אַרויסגעזאָגט גע־וואָרן פֿון רבי נחמן. דעריבער טאָר מען נישט ענדערן, אַפֿילו ווען עס שטערט דעם אויסלייג פֿון דער פּראַזע, ווייל יעדעס וואָרט איז הייליק און פֿאַרמאָגט אַ רמז. אַזוי האָט מען זיך באַצויגן צו די „סיפּורי מעשיות״. אָבער דער נישט שלימותדיקער נוסח אין יידיש און אין לשון קודש האָט נישט געמינערט פֿון זייער קינסטלערישער וואָג.

חסידות האָט נישט נאָר געווירקט דורך די וווּנדערלעכע „סיפּורי מעשיות״, נאָר אויך דורך דעם גאַנצן שטייגער זיינעם.

דער אייגנאַרטיקער שטייגער, די סימבאָליק, דאָס ספּעציפישע און טראַדיציאָנעלע לעבן, דאָס התלהבות און די פרייד, דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז אין משך פון די ווייטערדיקע דורות, אין משך פון 19טן און 20סטן יאָרהונדערט, זענען מיר עדות ווי גאָר וויכטיקע יידישע שרייבערס האָבן געזוכט גייסטיקן און קינסטלערישן אויסדרוק אין חסידישן אינהאַלט.

מיר ווען דאָ נישט אַריינגיין אין קיין אויספירלעכער באַהאַנדלונג פון דער השפּעה פון חסידות אויף דער יידישער ליטעראַטור. מיר ווילן נאָר זאָגן, אַז מיר באַגעגענען אין פיל עטאַפּן גרויסע יידישע ליטעראַרישע שעפערס אונטער דער חסידישער השפּעה. י. ל. פּרץ,[15] וועלכער האָט אָנגעהויבן אין זיין השכלה־תקופה אַלס פולשטענדיקער ראַציאָנאַליסט, איז אין דער צווייטער תקופה זיינער דערשינען מיט התלהבות צו חסידות. דער באַקאַנטער קריטיקער פ. לחובר ווייזט אָן אַז פּרצן קען מען נישט פולשטענדיק צושרייבן נישט צום ראַציאָנאַליסטישן און נישט צום סימבאָלישן סטיל. י. ל. פּרץ איז דער גרויסער אינטעלעקטואַל פון אונדזער ליטע־ראַטור. ער האָט געזוכט די רחבותדיקייט פון דער חסידישער באַוועגונג, איר פּאַרמעסט, איר אינספּיראַציע, אָבער נישט חסידות ווי אַ רעליגיעזן אויסדרוק.

ווען מען פאַרגלייכט ש. ניגערס אָפּשאַצונג צו פ. לחוברס מיינונג, געפינט מען צווישן זיי געוויסע ענלעכקייטן.[16] ש. ניגער הויבט אָן זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן פּרצן דערמיט אַז מען דאַרף נישט אויסמישן **חסידות מיט חסידיש**. אמת, חסי־דות איז דער מקור פון פּרצס חסידיש, אָבער די כוונה איז אונטערצושטרייכן, אַז פּרץ האָט נישט געזען די רעליגיעזע אויפפאַסונג נאָר מער דעם חסידישן שטייגער, וועלכער האָט

---

15. פ. לחובר: „ראשונים ואחרונים", תרצ"ג, זייטן 103—106.

16. ש. ניגער: י. ל. פּרץ, זייטן 274—297.

אים אַזוי פאַרכאַפּט. פּרץ האָט געפּרוּווט, לויט ש. ניגערן, אַריינברענגען אין דער רוחניות פון חסידות זיין ראַציאָנאַליס־טישן צוגאַנג, דעריבער איז טאַקע פּרץ געווען דער, וואָס האָט מיט זיין אינטערפּרעטאַציע צוגעצויגן צו זיך פיל מענטשן וואָס האָבן זיך געוויצלט און אפשר אָפּגעחוזקט פון חסידות, אָבער לייענענדיק פּרצס חסידישע מעשיות, אָנגעהויבן צו רעספּעק־טירן דעם אינהאַלט.

מען קען זאָגן, אַז פּרץ האָט מיט זיין אייגנאַרטיקער אויסטייטשונג פון די חסידישע מעשיות געעפנט ברייט די טויערן פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרן חסידישן לעבנס־שטייגער און האָט דערמיט געוואַלדיק באַרייכערט יידיש און זי דערהויבן צו די העכערע שטופן פון אַן ערנסטער לי־טעראַטור.

ס'איז באַקאַנט, אַז חסידות האָט אין פאַרשידענע אופ־נים באַאיינפלוסט אַ גרויסע פּלעיאַדע יידישע שרייבערס, צווי־שן זיי מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, דער נסתר (ג. כהנוביץ), הלל צייטלין, זיין זון אהרן צייטלין, יצחק באַשעוויס־זינגער, איציק מאַנגער, י. אָפּאַטאָשו און פיל אַנדערע. ס'איז ראוי צו באַצייכענען אַז אויך מאַרטין בובער, אין דער דייטשישער שפּראַך, איז געווען זייער באַאיינפלוסט פון חסידות. אויך אין אונדזערע טעג דערשיינען אייניקע וויכטיקע יידישע לי־טעראַרישע שאַפונגען ווו ס'פילט זיך די חסידישע השפעה, דער חסידישער אינהאַלט. די פילזייטיקע אינספּיראַציע פון חסידיש איז טיף פאַרבונדן מיטן עמאָציאָנעלן שטייגער פון דעם יידישן פאָלק. און דאָס איז דער גרויסער קונסט־כישוף פון דער יידישער ליטעראַטור, דער דאָזיקער גייסטיקער אינהאַלט, מיט זיין ברייטער פאָלקסטימלעכקייט האָט באַ־צויבערט נישט נאָר דעם פאָלקסמענטשן נאָר אויך דעם יידן וואָס האָט געזוכט יידישע גייסטיקע אייגנאַרטיקייט.

ס'איז כדאַי דאָ צו ברענגען די מיינונג פון איציק מאַנ־גער, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין אַ רעפעראַט [17] וועגן דער באַציונג צווישן חסידות און דער יידישער ליטעראַטור. מיר ברענגען דאָ אַ לענגערן ציטאַט:

„... ווען חסידיזם האָט אויסגעשפילט זיין שע־פערישע באַדייטונג אין דעם לעבן, איז געקומען פרץ און האָט געראַטעוועט דעם סימבאָל פון חסידיזם, דעם סימבאָל פון דער אָפּשטאַרבנדיקער שעפערישקייט פון חסידים אין לעבן... היינט ווען דער יידישער לעבנס־שטייגער ברעכט זיך איבער, מוז קומען אַ לאָ־זונג פון דער נעאָ־ראָמאַנטיק, מיט דעם זעלבן ברען און מיט דער זעלבער אמונה: ליב האָבן זיך אַליין אין אַ וועלט וועלכע איז אַ ים פון שׂנאה. גלויבן אין דער יידישער פאָלקס־נשמה און דורך דעם שוין במילא אָפּטרייסלען זיך פון דער רעאַליסטישער דע־סטרוקטיווער זעלבסט־קריטיק. ס'פעלט אין דער יידי־שער ליטעראַטור די ליבשאַפט צום יידישן פאָלקס־לעבן, צו דער יידישער פאַרגאַנגענהייט.

ליב האָבן הייסט אויפעפענען די אויגן און דער־זען די גרויסע שפע וואָס איז פאַראַן אין יידישן פאָלקסלעבן, דערזען דעם יידישן עבר מיט זיין אומ־ענדלעך רייכע נישט אויסגעשעפטע שטאָפן פאַר דער ליטעראַטור.

אין לעבן פון חסידיזם איז די שפע געווען אויף יעדן שריט".

---

17. „טשערנאָוויצער בלעטער", 4טער יאָרגאַנג, נומער 181, פון 13.5.1934.

**יידיש נויטיקס זיך אין אַ נעאָ־חסידות**

נאָך 170 יאָר, זינט דער אַנטשטייונג פון חסידות מיט זיין ספּעציפישן רעליגיעז־גייסטיקן אינהאַלט, קען מען נישט דער־וואַרטן אין די נייע אומשטאַנדן פון יידישן פאָלק, אַז ס׳זאָל אַנטשטיין אַן ענלעכע באַוועגונג.

ווען מען קוקט זיך צו וואָס עס איז געוואָרן מיטן יידישן אייגנאַרטיקן אינהאַלט אויף דער וועלט נאָכן גרויסן חורבן אונדזערן, מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז ווער עס זוכט אַ וועג ווידער אויפצולעבן יידיש, יידישע יצירה, יידישע לי־טעראַטור, מוז אָנקומען צום ספּעציפישן חסידישן אינהאַלט.

אין מיטן 18טן יאָרהונדערט, ווען יאוש און עצבות האָבן באַהערשט דאָס יידישע פאָלק, איז דערשינען דאָס חסידות ווי אַ דערלייזונג־באַוועגונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין יידישן פאָלקסמענטש האָפענונג און פרייד און דער פאָלקס־מענטש האָט זיך דערזען אין אַ ניי ליכט און דערזען פאַר זיך אַ בעסערע צוקונפט. היינט, טראָץ זיינע מאַטעריעלע גוטע באַדינגונגען, געפינט זיך דאָס פאָלק אין פּראָצעס פון אַסי־מילאַציע, פון אינערלעכער צעפאַלונג, יידן פאַרלירן זייער פּרצוף. אַפילו די יידישע מדינה, איינע פון די לעצטע מיטלען צו ראַטעווען דאָס פאָלק פון נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג, קען נישט פאַרמיידן דעם אַסימילאַציע־אומגליק. אין אָט די אומ־שטאַנדן נויטיקן מיר זיך, אַז אונדזער ליטעראַטור זאָל אויס־פילן אַ גרויסע ראָל אינעם אויפלעבן דעם יידישן גייסטיקן אינהאַלט.

ערנסטע שרייבערס פילן, אַז מען קען נישט ווירקן אויפן פאָלק נאָר מיט טרוקענעם רעאַליזם און ראַציאָנאַליזם. כדי צוריקצוברענגען דעם יידן צו זיינע אייגענע וואָרצלען, דאַרפן זיי אין זייער ליטעראַטור־שאַפונג ברענגען צום אויסדרוק אַ חסידישן אינהאַלט, וואָס דאָס באַדייט נישט זיין פאַר־

שלאָסן אין דער אָלימפּישער פעסטונג און בלייבן דערווייטערט פון פאָלק. איך וועל נישט אַריינגיין אין פאַרשן אויספירלעך די דאָזיקע טענדענצן, נאָר דערמאָנען בלויז אייניקע פון די שרייבערס ווי יעקב פרידמאַן, ברוך האָגער („מלכות חסידות"), יהודה עלבערג („מעשיות"), יצחק יאַנאַסאָוויטש („דאָס בשמים־ביקסל") א. אַנד. וואָס זענען ממשיך די גאָלדענע קייט פון חסידישן סטיל און נוסח אין דער יידישער ליטע־ראַטור. דאָס וועט זיכער דערגיין אויך צו דער העברעישער ליטעראַטור, ווו ס'באַווייזן זיך דערווייל מינאָרע סימנים אַז מען האָט אין די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן זוכן די אייגענע וואָרצלען.

דאָס זענען ערשטע אויפשפּראָצונגען פון אַ נעאָ־חסידישן נוסח, וועלכער הויבט אָן צו ווערן אַ נויטווענדיקייט.

איך שטעל מיר פאָר, אַז ס'וועלן נישט פעלן אַזעלכע וואָס וועלן אָפּוואַרפן די טעזע פון אַ נויטיקן נעאָ־חסידישן נוסח. די הויפּט־טענה וועט זיין, אַז אין דער אַסימילירטער וועלט וועט נישט זיין קיין קאָמוניקאַציע צווישן די אַסי־מילאַנטן מיט דעם נעאָ־חסידישן שטראָם. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ פאַלשער צוגאַנג. גרויסע אידעען ווערן תמיד רעאַליזירט ווען זיי גייען קעגן שטראָם און טאַקע דאָס גיין קעגן שטראָם רופט אַרויס אין פאָלק טיפע עמאָציעס און אַ גייסטיקע אַקוסטיק, אויב די אידעען רירן אָן די סטרונעס פון דער פאָלקס-נשמה.

ווען מען באַהויפּט, אַז יידיש נויטיקט זיך אין אַ נעאָ־חסידישן נוסח, מיינט עס נישט נאָר אין ליטעראַריש־קינסט־לערישער יצירה, נאָר פיל מער — אין שטאַרקן די יידישע קולטור אין אירע פאַרשידענע שטחים.

דער נייער נוסח וועט פאַר יידיש זיין אַ גרויסער בייטראָג אין זיין שווערן גראַנגל פאַר זיין המשך און צוקונפט. דאָס

וועט אויך זיין אַ וויכטיקער בייטראַג צו אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן בכלל.

ס'איז אינטערעסאַנט דאָ צו דערמאָנען וואָס אליעזר שטיינמאַן האָבן געשריבן [18] אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אינער־לעכן צושטאַנד פון פאָלק:

„...אַ נס מוז געשען. אַ נייע אחדות, אַ שפּאָגל־נייע ברודערשאַפט מוז געבוירן ווערן, אלא נישט, גייען מיר אַלע צו גרונט. עס מוז ווידער געשלאָסן ווערן אַן אמתער שלום צווישן מענטש און מענטש, צווישן מענטש און זיך אַליין, צווישן מענטש און וועלט און צווישן און די העכערע כוחות.

אָט דאָס איז דער זין פון דעם וואָס אייניקע זאָגן און אַנדערע טראַכטן נאָר אין זיך, ווייל זיי האָבן נישט די העזה אַרויסצוזאָגן, אַז אונדזער דור גאַרט נאָך אַ נייער חסידות, כדי גערעטעוועט צו ווערן".

מיר געפינען זיך אויף דער שוועל פון אַ גורלדיקער תקו־פה. אַוודאי קען מען נישט לייזן מיט איין תרופה די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פון פאָלק און מדינה. אָבער ווען מיר ווילן אַז יידיש זאָל אויספירן אַ באַדייטנדיקע ראָל אין אונדזער געראַנגל פאַר קיום און המשך, איז אָן ספק נויטיק אַ באַנייטע באַגעגעניש צווישן יידיש און אַ נעאָ־חסידישן נוסח, וועלכער קען אַריינברענגען אין אונדזער לעבן אַ דערקוויקנ־דיקע באַנייונג און אַ נייעם פאַרמעסט.

---

18. אליעזר שטיינמאַן: „אינטים מיט דער וועלט", פאַרלאַג „המנורה", 1971, זייט 270.

## די בריק צווישן יידיש און העברעיש

אין דער איצטיקער אָפהאַנדלונג וועל איך זיך באַמיען צו באַווייזן די נאָנטקייט צווישן יידיש און העברעיש, און אַז מיט אַלע נאַטירלעכע אייגנאַרטיקייטן פון יעדער שפראַך באַזונדער, איז פאָרט פאַראַן אַ נעץ פון גייסטיקע פעדעם וואָס האָבן זיך דורות לאַנג געוועבט און געשאַפן די קעגנזייטיקע נאָנטקייט צווישן ביידע שפראַכן, וועלכע האָבן זיך, מיט רעכט, גערעכנט ווי צוויי שוועסטער־שפראַכן.

אין דעם פריערדיקן קאַפיטל וועגן „חסידות און יידיש"[1] האָב איך בקיצור באַהאַנדלט איינעם פון די פרוכטבאַרע עפיזאָדן פון יידיש אין וועלכע די דאָזיקע נאָענטקייט האָט זיך אַנטפלעקט. דער דיכטער און עסייאיסט אהרן צייטלין, האָט אין יאָר 1940 פאַרעפנטלעכט אַן עסיי וועגן די באַציונגען צווישן יידיש און העברעיש,[2] אין וועלכן ער זאָגט צווישן אַנדערן: „ווילט איר פאָרשן דעם בשותפותדיקן וואָרצל פון ניי־יידיש און ניי־העברעיש — נעמט די חסידישע מעשה־

1. זע „יידיש און חסידות", אין די פריערדיקע זייטן פון בוך 35—57.

2. זע אהרן צייטלין: „ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע עסייען", אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1980, זייטן 194—203.

ביכלעך, ווו לשון־קודש האָט זיך געמישט מיט יידיש און העברעיש — נעמט נחמן בראַסלאַווערס מעשיות. איך מיין נישט דעם יידישן טעקסט זייערן, נאָר גראָד דעם לשון־קודש־דיקן. די יידישע ווערטער וואָס איר געפינט דאָרט אין מיטן דעם העברעישן טעקסט, זענען געווען דער אָנהויב פון אַ נייעם קינסטלערישן דראַנג צו געפינען פאַר דער אוראַלטער פאַרהייליקטער שפּראַך נייע מעגלעכקייטן פון אויסדרוק — לויטן מאָדעל פון יידיש״.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין באַהאַנדלען אַלע עטאַפּן פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע שפּראַכן, איך וויל נאָר באַרירן אייניקע שטריכן פון דער תקופה פון די לעצטע הונדערט יאָר (1880—1980), כדי בולטער צו ברענגען צום אויסדרוק די קעגנזייטיקע דערנענטערונג צווישןביידע דער־מאָנטע שפּראַכן און זייערע ליטעראַטורן. ס׳וועט זיין אינ־טערעסאַנט אָנצווייזן, אַז אין משך פון די לעצטע 100 יאָר זענען געווען עטלעכע הונדערט שרייבערס, וועלכע האָבן גע־שאַפֿן אין ביידע שפּראַכן. די דאָזיקע צאָל צוויי־שפּראַכיקע שרייבערס שטאַמט פון פּראָפ. דב סדן, וואָס איז היינט צו טאָג אַן אויטאָריטעט אויף דעם געביט. פאַראַן אויך אייניקע וויכטיקע אַנדערע קוועלן אין וועלכע מען קען טרעפן די שפּורן פון הונדערטער טאָפּל־שפּראַכיקע שרייבערס.[3] דער קעגנזייטיקער איינפלוס פון די צוויי שפּראַכן ווייזט זיך אַרויס ווו מיר וואָלטן זיך אויף אים צום ווייניקסטן געריכט. אַזוי, למשל, זענען מיר לעצטנס עדות אַז טראָץ אַלע באַמיונגען פון דער סאָוויעטישער יידישער פּובליציסטיק און ליטעראַטור

3. זע דעם 4 בענדיקן „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור״ פון זלמן רייזען, ווילנע, 1929, פאַרלאַג ב. קלעצקין; אויך „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור״, ארויסגעגעבן פון אַלוועלט. יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק; אויך „לקסיקון הספרות העברית״ פון ג. קרסל, בהוצאת ספרית פועלים, בשנת 1965, באַנד צוויי.

צו דעהעברעיזירן די יידישע שפּראַך, צו פאַרטרייבן פון איר העברעישע ווערטער און אויסדרוקן, קומט דאָרט פאַר אַ פאַרקערטער פּראָצעס. אין מאָסקווער „סאָוועטיש היימלאַנד" מערן זיך די לעצטע יאָרן די העברעישע ווערטער און ס'מערקט זיך נישט קיין קעגנערשאַפט צו דער טענדענץ.

אַפילו אין דער תקופה פונעם ביטערן שפּראַכנקאַמף, וואָס האָט געדויערט עטלעכע צענדליק יאָר און וואָס האָט געטראָגן אַ בולטן פּאָליטישן כאַראַקטער ביי ביידע צדדים, די יידישיסטן און די העברעיסטן (און געהאַט אַ נעגאַטיווע אויסווירקונג אויף ביידע מחנות), איז נישט דערגאַנגען צו קיין פולן בטל מאַכן די נאָענטקייט צווישן יידיש און העברעיש.

איצט וועל איך ברענגען אויספירלעכע ביישפּילן פון פאַרשידענע תקופות אין לעצטן יאָרהונדערט, פון וויכטיקע צווייִשפּראַכיקע שרייבערס און דיכטערס, אָדער אַזעלכע וואָס זענען אין זייערע העברעישע שאַפונגען באַאיינפלוסט געוואָרן פון יידיש.

דער פענאָמען צווייִשפּראַכיקייט איז אַ לאַנגיאָריקער אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. זיינע וואָרצלען שטאַמען פון דער אוראַלטער תקופה, ווען עברית און אַראַמיש זענען געגאַנגען האַנט ביי האַנט, ווי אַ זיווג מן השמים. אָט די צווייִשפּראַכיקייט שפּיגלט זיך אָפּ אויך אין אונדזער ספר הספרים, אין תנ"ך, דעם יחוס־בריוו פון יידישן פאָלק: נעבן לשון קודש איז דאָרט, ערטערווייז, פאַראַן אויך אַראַ־מיש, וואָס פאַרנעמט טיילן פון עזרא און דניאל. די אוראַלטע טראַדיציע פון צווייִשפּראַכיקייט ציט זיך ביז די מאָדערנע צייטן. ש. ניגער האָט אין זיין בוך וועגן דער צווייִשפּראַכי־קייט [4] נאָכגעפאָלגט די עטאַפּן פון דער דאָזיקער דערשיינונג,

4. ש. ניגער: „די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור", אַרויסגעגעבן פון לואיס לאַמעד פאָנד, דעטראָיט, 1941.

אָנווייזנדיק אַז די שותפות פון לשון קודש מיט אַראַמיש אין די אַלטע צייטן איז אין די שפּעטערדיקע צייטן איבערגע־גאַנגען צו העברעיש און יידיש. צו לשון קודש און תרגום לשון איז מיט דער צייט צוגעקומען לשון קודש און עברי־טייטש. יידיש, די גערעדטע פאָלקסשפּראַך, איז בהדרגהדיק אָנערקענט געוואָרן אַלס „טייטש" כדי מ'זאָל פאַרשטיין לשון קודש. אין זיין באַנומענטאַל ווערק: „די געשיכטע פון לי־טעראַטור ביי יידן" מאָלט ד"ר צינבערג אויספירלעך דעם פאַרלויף פון דער שפּראַכן־פּראַגע, פון דער עברית־יידישער תקו־פה ביז דער מאָדערנער צייט. ביים אָנהויב פון איר אַנטוויק־לונג האָט מען זיך מיט יידיש בעיקר באַנוצט כדי לייכטער צו מאַכן דעם פאָלקסמענטש צו פאַרשטיין די העברעישע טעקסטן. מיט דער צייט איז יידיש, גייענדיק האַנט ביי האַנט מיט העברעיש, געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע שפּראַך און האָט אויך דערגרייכט צו אַן אייגענער ליטעראַטור. מיט רעכט באַצייכנט ש. ניגער אין זיין בוך וועגן דער צווייִשפּראַ־כיקייט,[5] אַז אין משך פון די פינף הונדערט יאָר וואָס זענען אַוועק זינט דעם אָנהייב פון דער ליטעראַטור אויף יידיש ביז דער השכלה־עפּאָכע, איז „געווען אַ גרויסע נאָענטקייט צווישן ביידע אונדזערע שפּראַכן". די נאָענטקייט און די קעגנזייטיקע השפּעה צווישן זיי האָט אויסגעפּלאַסטערט דעם בשותפותדיקן גורל פון העברעיש און יידיש.

די רעליגיעזע טעמאַטיק האָט באַהערשט אין די ערשטע עטאַפּן דעם רוב יידיש־ספרים, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן פאַר די פאָלקסיידן. אויסער הלכה־פראַגן זענען אין יידיש איבערגעזעצט געוואָרן העברעישע טעקסטן אויף פאַרשידענע אַנדערע רעליגיעזע טעמעס. אַגב זענען געווען נישט ווייניק פאַלן ווען רבנים האָבן זיך קעגנגעשטעלט אַז מען זאָל

5. ש. ניגער: „די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור", זייטן 84־85.

איבערזעצן פֿון לשון־קודש רעליגיעזע הלכה־ספֿרים, ווייל אויף ייִדיש האָט מען דעמאָלט געקוקט ווי אויף אַ שפּראַך פֿון פּראָסטאַקעס און פֿון ווייבער, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפֿן, ווייל די אָביעקטיווע נויטווענדיקייט אין דער שותּפֿות צווישן ביידע שפּראַכן האָט איבערגעוווגן.

אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער קבלה און מוסר, ווי אויך אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט, ווען ס'איז אַנטשטאַנען דאָס חסידות און די השׂכּלה, האָבן ביידע שפּראַכן, אי ייִדיש אי העברעיש, נאָענט באַגלייט אָט די גרויסע רעליגיעזע און גייסטיקע שטראָמען אין ייִדישן לעבן. זיי זענען מיט רעכט פֿאַרגליכן געוואָרן צום אַלטן זיווג צווישן לשון קודש מיט אַראַמיש. דער סוד פֿון דער געלונגענער שפּראַך־שותּפֿות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס יעדע שפּראַך האָט צוגעטראָגן אירע אייגנאַרטיקע אייגנשאַפֿטן. אויב העברעיש איז געווען די טרעגערין פֿון דער גרויסער טראַדיציע און גלאָריע פֿון ייִדישן פֿאָלק, דער באַווייז פֿון זיין אוראַלטער אָדלקייט, איז ייִדיש געווען דער אויסדרוק פֿון פֿאָלקסטימלעכקייט, פֿון וואַרעמען ייִדישן האַרץ. די באַזונדערע אייגנשאַפֿטן האָבן זיך דערגאַנצט אין דעם פּראָצעס פֿון צווייִשפּראַכיקייט ביי ייִדן.

די אייגנאַרטיקייט פֿון העברעיש און ייִדיש האָט דערפֿירט — טראָץ שטרייטיקייטן — אַז ביידע שפּראַכן, הגם זיי זענען נישט געווען קיין סיאַמער צווילינג, זאָלן זיין שטאַרק געבונדן איינע מיט דער אַנדערער. די געשיכטע פֿון הונדערטער יאָרן קאָנטאַקט פֿון העברעיש מיט ייִדיש האָט גלייך געשטעמפּלט דעם גורל פֿון די צוויי שפּראַכן, אַז זיי זאָלן צוזאַמען אויספֿירן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות אין אונדזער גייסטיקן לעבן.

די תּקופֿה פֿון די 80ער יאָרן פֿון פֿריערדיקן יאָרהונדערט האָט פֿאַרנאָטירט אַ שטורמיש קאַפּיטל אינעם לעבן פֿון

יידישן פאָלק, בעיקר צווישן די יידן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס איז דעמאָלט געווען דאָס וויגעלע פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע, קולטורעלע, פּאָליטישע און סאָציאַלע באַוועגונגען וועלכע האָבן געזוכט צו געפינען אַ נאַציאָנאַלע לייזונג פאַרן יידישן פאָלק.

דאָס איז אויך געווען די תקופה, וועלכע באַצייכנט דעם אָנהויב פון בלוטיקע פאַרפאָלגונגען פון יידן אין דער צאַרישער אימפּעריע, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכן דערמאָרדן דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דורך דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". די פאַרפאָלגונגען זענען באַקאַנט אין דער העברעישער פּובליציסטישער ליטעראַטור מיטן נאָמען „סופות בנגב" און האָבן דערגרייכט זייער קולמינאַציע־פּונקט מיטן קעשענעווער פּאָגראָם (יאָר 1903), וועלכער האָט שוין דעמאָלט אָנגעזאָגט די טויטגעפאַר פאַר יידן אין אייראָפּע — כמעט 40 יאָר איידער ס'איז דערשינען דער היטלעריזם.

אין אָט דער תקופה, אין וועלכער ס'זענען געבוירן געוואָרן דער ציוניזם און דער בונדיזם, האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַסן־עמיגראַציע פון יידן מעבר לים צו די אַמעריקעס, בעת אַ קלענערער שטראָם האָט זיך געווענדט קיין ארץ ישראל.

אין אָט דער תקופה איז אויך אויסגעוואַקסן אונדזער מאָדערנע ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן און די צווייִשפּראַכיקייט איז דערביי געווען אַן אָפּטע דערשיינונג ביי אַ סך שרייבערס.

## העברעישע שרייבערס און די השפּעה פון יידיש

מיט רעכט באַצייכנט אהרן צייטלין אין זיין עסיי „דערנענטערונג און נאָענטקייט צווישן יידיש און העברעיש" (1940), אַז „מיר האָבן געהאַט דאָ נישט לאַנג אַ גאַנצן דור

ייִדיש־העברעיִשע שרייבערס, וואָס האָבן דאָס נייע ייִדיש און דאָס נייע העברעיִש געבויט מיט דעם זעלבן געצייג. דער רעזולטאַט איז געווען זיי האָבן דורכגעיידישט העברעיִש און דורכגעהעברעיִשט ייִדיש". דאָס איז אָן ספק איינע פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע אָפּשאַצונגען פון דער צווייִשפּראַכיקייט פון אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט. מענדעלע מוכר ספרים (1835—1917), דער באַשאַפער פון סטיל און נוסח פון נײַ־העברעיִש און נײַ־ייִדיש, וועלכער האָט דערמיט באַקומען די אָנערקענונג פון מעשה־בראשיתדיקייט, האָט אויך נישט פאַר־נאַכלעסיקט דעם תּוכן און די אייגנאַרטיקייט פון יעדער שפּראַך באַזונדער; ער האָט אַריינגעטראָגן אין העברעיִש דעם חן פון דער פאָלקסטימלעכקייט פון ייִדיש און אין ייִדיש האָט ער אַריינגעפלאָכטן די פייערלעכקייט פון העברעיִש. מיט זיין טענדענץ צו פאַרהעברעיִזירן ייִדיש האָט ער געזוכט אַריינ־צוברענגען אין דער שפּראַך אַ נייעם ריטם. און אַט ווי אַזוי ח. נ. ביאַליק האָט באַצייכנט מענדעלעס בייטראָג צו ביידע שפּראַכן: „וויל מען אָפּשאַצן מענדעלען אין זיין גאַנצער גרויס אַלס ערשטער, איז גענוג צו זאָגן איין קורצן זאַץ און מיט דעם ווערט געזאָגט אפשר דאָס וויכטיקסטע: מענדעלע האָט אין דער ליטעראַטור געשאַפן „נוסח", ער האָט אונדז דער ערשטער געגעבן אַ ליטעראַרישן שאַבלאָן".[6]

מען דאַרף דאָ צוגעבן, הגם מענדעלע האָט לייכט געקאָנט איבערזעצן אָדער איבעראַרבעטן פון איין שפּראַך אין דער צווייטער, איז אָבער אַ פאַקט, ווי שמעון דובנאָוו דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז „ביז וואַנען מענדעלע האָט נישט געהאַט פאַר די אויגן דעם געדרוקטן ייִדישן אָריגינאַל פון דעם ערשטן טייל „ווינטשפינגערל", האָט ער נישט געמאַכט

6. ח. נ. ביאַליק: מענדעלעס „נוסח" אין „אַלע ווערק פון ממ"ס". פאַרלאַג מענדעלע, וואַרשע, יאָר 1928, ערשטער באַנד, זייטן 151—154.

די העברעישע איבערזעצונג, אָדער, גענויער די איבעראַרבע־טונג — מייסטערהאַפט אָן שום שוועריקייטן". די סיבה דערפון איז געווען, וואָס מענדעלע האָט די יידישע פאָלקס־טימלעכקייט און די בילדערישקייט געקענט בעסער פילן אין יידיש.

אין זיין עסיי, צו זיינע 75 יאָר, באַצייכנט בעל מחשבות [7] מענדעלען ווי דעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר פון דער העברעישער פראָזעשפּראַך און ער גיט צו אַז דאָס איז דערפאַר וואָס ער האָט צוזאַמענגעגעפאָרט דעם גייסט פון „דער זשאַרגאָן־שפּראַך" מיט דעם גייסט פון משנה־ און מדרש־לשון. מיט אָט דעם גרויסן אויפטו זיינעם האָט דער „זיידע" אויסגעפלאַס־טערט דעם וועג פאַר די שרייבערס וועלכע האָבן געהערט צו דער משפחה פון צווייישפּראַכיקייט.

די פּלעיאַדע פון צווייישפּראַכיקע שרייבערס פון מענדעלעס תקופה און פון דער תקופה נאָך אים איז זייער אַ גרויסע. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן נאָר אויף אייניקע פון זיי ווי: ח. נ. ביאַליק, יהודה שטיינבערג, יעקב שטיינבערג, ב. י. בערדיט־שעווסקי (בן גריון), אורי צבי גרינבערג, יעקב פיכמאַן און פיל אַנדערע. נישט אַלע פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן געשאַפן אין דער זעלבער מאָס איןביידע שפּראַכן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געשריבן מער אין העברעיש און ווייניקער אין יידיש. אויך זיי האָבן געהאַט גרויס השפעה און אָנזען. היינט צו טאָג איז באַוווּסט אַז מערערע פון די וויכטיקסטע העב־רעישע שרייבערס פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אויך געשאַפן אין יידיש, אָנהאַלטנדיק אַזוי אַרום די ענגע נאָענטשאַפט צווישן ביידע שפּראַכן. אַזוי איז אויך געווען — כאָטש אין אַ קלענערער מאָס — אין דער תקופה פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות. און מ'דאַרף צוגעבן אַז ביי געוויסע

---

7. ד"ז, זייטן 78—80 (בעל מחשבות)

העברעישע שרייבערס וועלכע שטייען איצט אין צענטער פון דער ישראלדיקער ליטעראַטור, מערקן זיך אין זייער ליטע־ראַרישער יצירה אַ סך אויסדרוקן פון דער באַרירונג צווישן העברעיש און יידיש.

מיר וועלן אָנהייבן מיט אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן דיכ־טער חיים נחמן ביאַליק (1873—1934). כאָטש ער האָט אין יידיש ווייניק געשריבן, איז דאָך זיין בייטראָג צום יידיש־שאַפן געווען אַ יסודותדיקער. דאָס גלייכן זיין אידעאָלאָגישע איינשטעלונג פאַר יידיש. ביאַליק האָט געהאַלטן אַז יידיש האָט אויסגעפילט אַ היסטאָרישע ראָל אין משך פון דעם גלות. היות ווי העברעיש איז נישט געווען די רעדשפּראַך ביי יידן, האָט יידיש זי אָפּגעראַטעוועט פון אַריינפאַלן אין אַ נעץ פון צעבראָכענע דיאַלעקטן און ווען נישט אונדזער מאַמע־לשון וואָלט זיכער פאַרלוירן געוואָרן די זויבערקייט פון העברעיש. אָט די וויכטיקע ראָל וואָס יידיש האָט אויס־געפילט כלפּי העברעיש האָט איר צוגעגעבן גרויס פרעסטיזש. פּראָפ. דב סדן צייכנט אָן אין „סוגיית יידיש במסכת ביאַליק״,[8] אַז ביאַליקן האָט זיין גאַנץ לעבן געמאַטערט דאָס פּראָבלעם פון יידיש, איר מהות, געשיכטע און אידעאָלאָגיע. אויך אין ברען פון דער שפּראַך־קנאות, ווען ס׳זענען געקומען קיין ארץ ישראל די יידישע שרייבערס שלום אַש און פּרץ הירשביין, האָט ביאַליק נישט געענדערט זיין באַציונג צו יידיש און צו אירע היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע פונקציעס, טראָץ דעם וואָס זיינע בני־דור ווי אברהם שלאָנסקי, אשר ברש, יצחק למדן האָבן זיך זייער געברוגזט אויף דעם.

די וויכטיקסטע ביאָגראַפן פון ח. נ. ביאַליק האָבן נישט דורכגעלאָזן זיין פּרינציפּיעלע פּאָזיטיווע איינשטעלונג צו יידיש,

8. דב סדן: סוגיית יידיש במסכת ביאליק״, הוצאת אקדמון, ירושלים תשכ״ה, זע אויך י. ח. בילצקי: „ביאליק ויידיש״, י. ל. פרץ פארלאג, 1970, ת״א.

אויך ווען ס׳איז געשען ביי אים אַ שטיקל אָפּנויג אין זיין יסודותדיקן צוגאַנג צו יידיש, איז ער געבליבן געטריי דער דאָזיקער איינשטעלונג. אין ביאַליקן האָט געטליעט דאָס פייער פון זאָרג פאַר יעדער יידישער גייסטיקער שאַפונג און ער האָט געזען אין יידיש איינע פון די קאָמפּאָנענטן פון יידישער קולטור און האָט זיך געטוליעט צו איר כאָטש זיין עיקר ליטעראַרישע שאַפונג איז געווען אין העברעיש.

כ׳וויל נאָר דערמאָנען אַז בעל מחשבות האָט אין זיין אַרומנעמענדיקער עסיי [9] וואָס האָט זיך געדרוקט ווי אַ הקדמה צו דער זאַמלונג פון ביאַליקס יידישע לידער, אָנגעמערקט אַז „ווען מען זאָל קורץ אָפּשאַצן דעם הויפּטווערט פון ביאַליקס פּאָעזיע, קען מען זאָגן, אַז ער איז דער ערשטער פּאָעט ביי אונדז, וואָס האָט אַנטפּלעקט און געפונען די פאָרם פאַר דער פּאָעזיע פון די שטאַרקסטע און מעכטיקסטע געפילן פון אונדזער געפייניקטער נשמה. ביאַליקס פּאָעזיע איז די העכסטע ליריק, וואָס וויל אָביעקטיוו אויסדריקן נישט נאָר סוביעקטיווע ליידן, נאָר די ליידן און קוואַלן פון אַ גאַנצן פאָלק, וואָס איז צוגלייך זיין פאָלק״.

ווען ביאַליק האָט באַזוכט קעשענעוו באַלד נאָכן פּאָגראָם אין יאָר 1903 און האָט אָנגעשריבן זיין דערשיטערנדיקע פּאָעמע „בעיר ההרגה״ האָט ער געוואָלט אַז דער שטורמישער גייסט פון זיין פּאָעמע זאָל אויך דערגיין צום יידישן לייענער. ווען י. ל. פּרץ האָט איבערגעזעצט די פּאָעמע איז אים די איבערזעצונג נישט געפעלן און מיט זיין גאַנצן דרך ארץ צו פּרצן, האָט ער אַליין איבערגעזעצט און איבערגעאַרבעט די פּאָעמע, וואָס איז אין יידיש געוואָרן „אין שחיטה־שטאָט״. אָט די יידישע פּאָעמע האָט באַטייט אַ נייעם בלוט־

---

9. זע: חיים נחמן ביאַליק: „לידער״, אָריגינעלע און איבערזעצונגען, אָדעס תרע״ח, מיט דער הקדמה פון בעל מחשבות, זייטן:

שטראָם אין דער יידישער ליטעראַטור און האָט אויפגעשטורע־מט די יידישע מאַסן, וואָס האָבן אויפגענומען מיט ציטער דעם דיכטערס צאָרן און שטראָף.

אויב מיט זיינע צאָרן־לידער האָט ביאַליק צערודערט דעם ברייטן יידישן לייענער־עולם און געעפנט נייע האָרי־זאָנטן פאַר זיינע נאַציאָנאַלע געפילן, דערשיינט ער אין אַ גאָר אַנדער געשטאַלט אין זיינע יידישע פאָלקסלידער. אין די אָ שאַפונגען דינט אים ווי אַ הויפטקוואַל דער יידישער שטייגער און די יידישע פאָלקסטימלעכקייט. די יידישע פאָלק־סטימלעכקייט וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך פון דער מאַמעס היים, פון בית המדרש, פון דער ישיבה האָט ביאַליק אויך אַריינגעגאָסן אין זיינע העברעישע שאַפונגען.

מען האָט שטאַרק אָפּגעשאַצט די גרויסע נאַציאָנאַלע באַ־דייטונג פון ביאַליקס העברעישער דיכטונג און מען האָט בלויז ווי פאַרבייגייענדיק דערמאָנט זיין יידיש־שאַפונג. אָבער ווען מען פאַרטיפט זיך דאַרף מען קומען צו דער מסקנה, אַז ביאַליק האָט אין דעם עטאַפּ פון דער פאָרמירונג פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אויסגעפילט אַן ערשטראַנגיקע ראָל מיטן שלייפן און רייפער מאַכן די יידישע שפּראַך. בעל מחשבות האָט בשעתו געשריבן: „ביאַליק האָט דער יידישער שפּראַך געגעבן איר פאָרם און האָט אויך אין איר אַריינגע־לייגט אַ שטיק פון זיין גבורה".

אַזוי האָבן ביים ערשטן עטאַפּ פון דער נייער יידישער ליטעראַטור ערשטראַנגיקע שרייבערס ווי מענדעלע מוכר ספ־רים און חיים נחמן ביאַליק געהאָלפן לייגן די פונדאַמענטן פאַר איר בנין. דאָס דריקט אויך אויס די נאַטירלעכע נאָענט־קייט פוןביידע מחנות, דער העברעישער און דער יידישער.

אויב ח. נ. ביאַליק האָט נישט פיל געשאַפן אין יידיש, איז אָבער דאָס ווייניקע, ווי געזאָגט, געווען פון גרויסער וויכ־טיקייט און דער עיקר, ער האָט שטאַרק אָפּגעשאַצט דעם

ווערט און די נאַציאָנאַלע ראָל פון יידיש. ביים שרייבער יעקב שטיינבערג (1887—1947) באַמערקן מיר אַ מערקווירדיקע האַלטונג. אין דער ערשטער תקופה פון זיין ליטעראַרישער שאַפונג האָט יידיש ביי אים פאַרנומען דעם זעלבן פלאַץ וואָס העברעיש. ער איז געווען אַ מייסטער אויף ביידע שפּראַכן. אָבער ווען ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין 1914, האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן אַ בולטער קער און ער האָט אָנגעהויבן שאַפן בלויז העברעיש. גערעכט איז ד״ר אליהו שולמאַן,[10] וועלכער באַצייכנט, אַז ווען מ׳וואָלט היינט אַרויס־געגעבן יעקב שטיינבערגס אַלע יידישע שאַפונגען, איינשליסנדיק זיין באַקאַנטע פּאָעמע „רוסלאַנד״, וואָלט עס אויפגעלעבט אַן אייגנאַרטיקן און אָריגינעלן יידישן דיכטער, וואָס האָט באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור און וועמען עס קומט אין איר אַן אָנגעזעען אָרט.

כדי אָפּצושאַצן דעם מעמד פון יעקב שטיינבערג אין דער העברעישער שאַפונג, וועלן מיר דערמאָנען אַז ח. נ. ביאַליק האָט גערעדט וועגן דעם דרייילינג אין דער נייער העברעישער פּאָעזיע: יעקב שטיינבערג, יעקב כהן און זלמן שניאור. פון דעם איז צו דרינגען וועגן דעם הויכן ניוואָ וואָס ער האָט דערגרייכט אין דער העברעישער דיכטונג. נישט ווייניקער וואָגיק זענען געווען זיינע דערציילונגען, לידער, פּאָעמעס אין יידיש. ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט פון דער יידישער ליטעראַטור אין יענע צייטן. ס׳איז אויך כדאי צו דערמאָנען אַז פון זיין דראַמאַטורגישער שאַפונג זענען דריי דראַמעס געווען אין העברעיש און צוויי אין יידיש („דער נסיון״ און „די מוטער״), וועלכע זענען געווען באַזירט אויפן ספּעציפישן יידישן לעבן אין אוקראַינע. אויך זיינע יידישע

10. ד״ר אליהו שולמאַן: פּאָרטרעטן און עטיודן״, אַרויסגעגעבן פון „ציקאָ״, ניו־יאָרק 1979, זייטן 209—214.

לידער האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט און זיין דערמאָנטע יידישע פּאָעמע „רוסלאַנד" איז געווען איינע פון זיינע רייכסטע שאַפונגען.

מען קען נישט האָבן קיין פול בילד פון יעקב שטיינבערגס ליטעראַרישער שאַפונג, נישט קענענדיק זיין בייטראָג אין יידיש. דעריבער דאַרף מען אויסדריקן אַ דאַנק דעם באַקאַנטן העברעישן שרייבער און קריטיקער ישראל כהן, וואָס האָט אויספירלעך באַשריבן אין זיין וואָגיקער מאָנאָגראַפיע [11] יעקב שטיינבערגס בייטראָג צו דער יידישער ליטעראַטור און ער האָט פאַרריכט דעם פעלער פון די וועלכע האָבן געשריבן און גערעדט וועגן שטיינבערגן, נישט דערמאָנענדיק אַז דער וויכ־טיקער העברעישער שרייבער האָט אויך פיל אויפגעטאָן אויפן געביט פון יידיש. אין דעם פרט האָט זלמן רייזען, דער באַקאַנ־טער לעקסיקאָגראַף פון דער יידישער ליטעראַטור, יאָ געשריבן אין יאָר 1914 (פאַרעפנטלעכט אין פאַרלאַג „צענטראַל", וואַר־שע), אַז יעקב שטיינבערג איז איינער פון די אָריגינעלסטע און באַגאַבטע פאָרשטייער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס אין זיינע לירישע שאַפונגען, אַז ער איז אָן ספק דער ערשטער אין דער יידישער דיכטונג וואָס האָט דערהויבן די ראָמאַנטיק און די עראָטישע טעמע צו אַן עכט־קינסטלע־ריש־ליטעראַרישער שאַפונג.

אָבער אָט דער וויכטיקער צווייִשפּראַכיקער קינסטלער, האָט נישט גענוצט, כאָטש ער איז געווען זייער באַגאַבט דערצו, ביידע שפּראַכן ביזן סוף פון זיין לעבן.

אפשר דאַרף דאָ באַטאָנט ווערן, אַז די צווייִשפּראַכיקע שרייבערס האָבן אין יענער צייט, דאָס הייסט אין אָנהויב פון דעם שפּראַכנקאַמף, אויסגעפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָל אין

11. ישראל כהן: „יעקב שטינברג האיש ויצירתו", הוצאת „דביר" 1972, זייטן 434—445.

די באַציונגען צווישן יידיש און העברעיש. אין יאָר 1908 איז פאָרגעקומען אין טשערנאָוויץ די יידיש־וועלט־קאָנפערענץ וואָס איינער פון אירע הויפּטצילן איז געווען צו דערהויבן דעם פּרעסטיזש פון יידיש, נישט צו זען אין איר אַ זשאַרגאָן. און מיט רעכט! יידיש האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַררעגיסט־רירט גרויסע דערגרייכונגען אין דער ליטעראַטור. ס׳זענען געווען אויך דעלעגאַטן וואָס האָבן געפאָדערט אַז מען זאָל אָנערקענען יידיש ווי **די** נאַציאָנאַלע שפּראַך ביי יידן, דאָס הייסט אַוועקרוקן העברעיש אין אַ זייט. אָבער די מערהייט דעלעגאַטן האָבן געהערט צו דער מחנה פון צווייספּראַכיקייט און זיי האָבן געקעמפט, אַז מ׳זאָל נישט פאַרמינערן דעם מעמד פון העברעיש, ווען מען וויל שטאַרקן יידיש. צווישן זיי האָבן זיך געפונען: י. ל. פּרץ ה. ד. נאָמבערג, נתן בירנבוים, שלום אַש א. אַנד.

לויטן באַריכט פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ [12] האָט י. ל. פּרץ געזאָגט: „אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך איז העב־רעיש, אונדזער פאָלקסשפּראַך איז יידיש. מיר דאַרפן אָננעמען אין דער דאָזיקער פראַגע אַ קלאָרע רעזאָלוציע און זי וועט לויט מין טיפסטער איבערצייגונג זאָגן, אַז מיר דריקן אויס אונדזער אמתדיקע סימפּאַטיע צו דער העברעישער שפּראַך״. אויף אַן אַנדער אָרט אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט פּרץ באַמערקט, „אַז אויב מען דאַרף איבערזעצן דעם תנ״ך אויף יידיש איז עס נישט כדי אָפּצורייסן זיך פונעם העברעישן מקור, נאָר ווייל — עס שטייט אויף אַ דור פון שרייבערס עם הארצים, וועלכע מוזן געפינען זייערע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט״. אין דעם זעלבן קאָנפערענץ־באַריכט געפי־נען מיר די רעדע פונעם שרייבער ה. ד. נאָמבערג, וועלכער

12. „די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ״, אַרויסגעגעבן פון „ייוו״אָ״, 1931, זייטן 65 און 83.

האָט דערקלערט: „דאָס איבערזעצן דעם תנ״ך אויף ייִדיש וועט בכלל נישט הייסן, אַז מיר ווילן אויסראָטן העברעיש, ס׳וואָלט געווען אַ נאַציאָנאַלער אומגליק ווען ייִדן זאָלן פֿאַרגעסן העברעיש״. ס׳איז דעריבער נישט געווען קיין צו־פֿעליקייט וואָס אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ איז אָנ־גענומען געוואָרן די דעקלאַראַציע אַז **ייִדיש איז נישט די, נאָר אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך** פֿון ייִדישן פֿאָלק, דאָס הייסט אַז די קאָנפֿערענץ האָט אָנערקענט ייִדיש ווי אַ צווייטע שפּראַך צו העברעיש.

שמואל ניגער [13] שרייבט וועגן יענער תקופֿה, אַז „ס׳איז זעלטן אַן אינטעליגענטער ייִדישער לעזער, וואָס זאָל לייענען נאָר ייִדיש אָדער נאָר העברעיש; נאָך זעלטענער איז געווען ביי אונדז אַן איינשפּראַכיקער שרייבער״.

אין דער גאַלעריע פֿון העברעיש־ייִדישע שרייבערס פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַ שטיק נאָך איר, זענען פֿאַראַן אַזעלכע וואָס זענען באַקאַנט אין דער ליטעראַ־טור אַלס אָנגעזעענע העברעישע שרייבערס און זיי האָבן אויך אַ וויכטיקן רעקאָרד אין זייער ייִדישער שאַפֿונג. איינער פֿון די בולטסטע צווישן זיי איז מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (בן־גריון), וועלכער האָט אין דער ליטעראַטור זיין אייגנאַרטיקן וועג. אין דער העברעישער שאַפֿונג איז ער נישט געגאַנגען אויף אַן אויסגעטראָטענער סטזשקע און פֿיל מאָל האָט ער אויפֿגערודערט די אָנערקענטע אויטאָריטעטן פֿונעם דעמאָלס־דיקן קולטור־ און ליטעראַרישן לעבן. ער האָט אויך אין זיין ביאָגראַפֿיע אַ צייט פֿון אינטענסיווער שאַפֿונג אויף ייִדיש, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט זיין וואַרשעווער תקופֿה. פּאַראַלעל צו זיינע העברעישע שאַפֿונגען האָט ער אַ סך געשריבן אין ייִדיש און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ייִדישער

---

13. ש. ניגער: „צוויי שפּראַכיקייט״, יאָר 1941, זייטן 107—113.

פּרעסע און פּעריאָדיק. ווער ס'האָט געלייענט זיינע געזאַמלטע שריפטן[14] וואָס זענען דערשינען פריער מיט 55 יאָר, קען עדות זאָגן, אַז ער האָט אַרומגענומען גאָר אַ סך לעבנס־שטחים און געווען שטייף און קעמפעריש פאַר זיינע אָרי־גינעלע געדאַנקען. זיינע פּובליציסטישע אַרבעטן זענען זייער אָפט באַגלייט מיט הומאָר און בייסיקע אָנצוהערענישן. אין זיינע כתבים האָט ער מיט אַ טיפן רעספּעקט גערעדט וועגן יידיש. כדאי צו ברענגען אַ קורצע ציטאַטע פון זיינעם אַ בריוו צו אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטשריפט אין וועלכער ער האָט מיטגעאַרבעט: „ביי אונדז יידן זענען פון תמיד אָן דאָ צוויי לשונות און ביידע זענען יידיש און זענען שייך צו אונדזער נשמה. פאַר וואָס ס'איז אַזוי געקומען, ווייס איך נישט, ווי איך ווייס נישט פאַר וואָס דער מענטש האָט צוויי אויגן..."

אין אָנהויב האָב איך דערמאָנט בלויז אייניקע שרייבערס וואָס האָבן געשאַפן, אי אין העברעיש, אי אין יידיש און דאָס נאָר ווי אַ ביישפּיל וועגן דער תקופה פון דער צווייישפּראַכי־קייט. מען דאַרף אָבער נישט אונטערשאַצן די גרויסע צאָל העברעישע שרייבערס, וואָס אויך אין זייער העברעישער שאַ־פונג איז געקומען צום אויסדרוק די השפעה פון יידיש, פון דער יידישער סביבה און קלימאַט. פּונקט אַזוי דאַרף מען נעמען אין אַכט די יידישע שרייבערס וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער השפעה פון העברעיש. דאָס איז ריכטיק בנוגע אַזעלכע שרייבערס ווי שלום עליכם, י. ל. פּרץ, יהודה שטיינ־בערג, דעם תמימותדיקן שרייבער, וועלכער האָט זיין קול דממה־דקהדיקע העברעישע פּראָזע געשאַפן אונטער דער השפעה פון יידיש, דעם גרויסן ליריקער, סובטעלן העברעישן פּאָעט, יעקב פיכמאַן, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אַ טיפן רעספּעקט

14. מיכה יוסף בן־גריון (בערדיטשעווסקי) „יידישע כתבים פון אַ ווייטן קרוב", פאַרלאַג „שטיבל", בערלין תרפ"ד, 6 בענדער.

פאַר יידיש און פאַר יידישער אייגנאַרטיקייט. איך דערלויב זיך ביי דער געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז איך בין געווען דער „שדכן" צווישן אים און דער „בעסאַראַבער ביכער־סעריע" אין בואָנס איירעס, וועגן אַרויסגעבן זיינע יידישע שאַפונגען אין בוכפאָרם. פיכמאַן, דער דעמאָלט געקרוינטער העברעישער דיכטער און קריטיקער, האָט אַרויסגעוויזן אַ ליבשאַפט צו יידיש. ער איז געווען גליקלעך וואָס זיינע יידישע כתבים וועלן דערשיינען אין בוכפאָרם.[15]

אָט נעמט דעם גרויסן העברעישן שרייבער ש"י עגנון. אין זיין אייגנאַרטיקן סטיל קענט איר לייכט דערפילן, אַז זיינע ווערק זענען טיילוויז געשריבן יידיש אין אַ העברעישן לבוש, אַז אַ יידישער קלימאַט באַגלייט זיין שאַפונג. אין אָנהויב פון זיין שאַפערישן וועג, אין די יאָרן 1903—1912 האָט ער געשריבן אין יידיש און מ'קען זאָגן אַז די השפעה פון יידיש וואָס פילט זיך אין זיין גרויסער יצירה אין העברעיש, שטייגט ווייט ווייט אַריבער מיט איר וואָגיקייט די פריער־דיקע יידישע שאַפונגען זיינע וואָס זענען שפּעטער דערשינען אין אַ זאַמלונג.[16]

איך וועל זיך אין קורצן אָפּשטעלן אויף איינעם, וואָס האָט פאַרשריבן צוויי וויכטיקע קאַפּיטלעך, מיט זיין גרויסער שאַפונג אין יידיש און העברעיש: אורי צבי גרינבערג (געב. אין יאָר 1896, געשט. אין יאָר 1981). זיין וועג אין דער יידישער ווי אויך אין דער העברעישער דיכטונג איז געווען באַגלייט מיט שטורמישע אַרויסטרעטונגען, וואָס זענען געווען דאַטעס אין אונדזער ליטעראַטור.

---

15. יעקב פיכמאַן: „רעגנבויגן" (זכרונות, עסייען און לידער), אַרויסגעגעבן פון בעסאַראַבער לאַנדלייט־פאַראיין אין אַרגענטינע, בוענאָס איירעס, 1953.

16. שמואל יוסף עגנון: „יידישע ווערק", אַרויסגעגעבן אין יאָר 1977 פון דער יידיש־אָפּטיילונג ביים העברעישן אוניווערסיטעט און קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור אין ישראל.

שוין אין דער ערשטער תקופה, לעבנדיק נאָך אין מזרח־גאַליציע, רעוואָלטירט ער קעגן דער עקזיסטירנדיקער לאַגע אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געלייגט דעם יסוד פון אַ נייער עקספּרעסיאָניסטישער באַוועגונג אין דער יידישער ליטעראַטור. מיט גרויסע שוועריקייטן און שטרויכלונגען האָט ער אַרויסגעגעבן זיינע אייגנאַרטיקע ליטעראַרישע שאַפונגען וואָס האָבן אין יענע טעג געקלונגען ממש ניי. די זייער שווערע איבערלעבונגען אויפן פראָנט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די פּאָגראָמען באַלד נאָך דער מלחמה זענען געקו־מען צום אויסדרוק אין זיין דיכטונג.

א. צ. גרינבערג האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער „כאַליאַסטרע" מיט זיין פּאָעמע „וועלט באַרג אַראָפּ". שפּע־טער האָט ער אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטשריפט „אַלבאַ־טראָס", וועלכע האָט אָנגעצייכנט אַ ניי קאַפּיטל אין דער דעמאָלטיקער יונגער יידישער דיכטונג. אין „אַלבאַטראָס" האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין גרויסע פּאָעמע „אין מלכות פון צלם", ווו ער האָט אויסגעדריקט זיין צער און צאָרן קעגן דער גוישער וועלט און איר באַציונג צו יידן. זיין פּאָעמע „מעפיסטאָ", וואָס איז דערשינען אין בוכפאָרם (לעמבערג, 1921, דערנאָך אין וואַרשע אין 1922), האָט דערשיטערט די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט דורך איר דערזען די פינצטערע כוחות אין דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט, וואָס האָבן געבראַכט די וועלט אויפן שוועל פון אומקום און הפקרות.

זיינע „יידישע געזאַמלטע ווערק"[17] וואָס זענען דערשינען אין צוויי גרויסע בענד אין יאָר 1979, באַווייזן ווי גרויס

17. אורי צבי גרינבערג: „געזאמלטע ווערק", ארויסגעגעבן פון דער יידיש־אָפּטיילונג ביים העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים און דעם קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור אין ישראל.

ס'איז געווען א. צ. גרינבערגס בייטראָג צו דער יידישער דיכטונג.

אויך זיינע העברעישע שאַפונגען זענען ערשטראַנגיקע. זיי האָבן אים אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון דער מאָדערנער העברעישער דיכטונג. קומענדיק אין יאָר 1924 קיין ארץ ישראל, איז ער געווען טעטיק אין די פובליקאַציעס פון דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט: „הפועל הצעיר", „דבר". ער האָט אויך געקעמפט דערפאַר אַז דער יידישער שרייבער זאָל זיין וואָס מער אַריינגעטאָן אין דער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן לעבן און נישט בלייבן אָפּגעשלאָסן אויף זיין אָלימפּ. ער האָט אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם אייניקע פון זיינע שאַפונגען: „אימה גדולה וירח" (1924), „הגברות העולה" (1926) און אַנדערע. זיין ברוך מיט דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט איז געקומען אין דער צייט פון די בלוטיקע געשעענישן אין יאָר 1929, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו באַשולדיקן די ענגלענדער ווי אויך די ציוניסטישע פירערשאַפט אין פאַרראַט צוליב איר איינגעהאַלטנקייט כלפּי דער מאַנדאַטמאַכט. ער איז דעמאָלט צוגעטרעטן צו דער רעוויזיאָניסטישער מחנה און האָט געשטורעמט זיינע קעגנערס פאַר זייער פּאָליטיק פון הבלגה. אין יאָר 1937 האָט ער אויף דער טעמע אַרויסגעגעבן זיך בוך „ספר הקטרוג והאמונה". ווען ס'זענען בעת און דער עיקר נאָך דער מלחמה דערגאַנגען אין לאַנד אַריין די ידיעות וועגן דער נאַצישער יידן־אויסראַטונג, איז א. צ. גרינבערג געוואָרן פול מיט רעוואָלט און אויפברויז. אַ טייל פון אָט די העברעישע שאַפונגען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין זיין בוך „רחובות הנהר" אין וועלכן ער מאַכט אויך זיין שאַרפן חשבון ביט דער גוישער וועלט. אורי צבי גרינבערג איז ביזן סוף געבליבן דער „אַנפאַן טעריבל" פון דער העברעישער דיכטונג און מיט שפּאָט און ביטול פלעגט ער באַגעגענען, ביז נישט לאַנג צוריק, די אַלע וואָס נעמען נישט אָן זיין וועג.

מיט דער גאַנצער קריטיק קעגן א. צ. גרינבערגן איז ער דער אָנערקענטער און גרויסער פירשט פון דער יידישער און העברעישער דיכטונג.

מען דאַרף אויך צוגעבן אַז א. צ. ג. איז געווען פון די געציילטע גרויסע העברעישע דיכטערס וואָס האָט פאַרעפענט־לעכט גלייכצייטיק אין ישראל וויכטיקע יידישע דיכטונג.[18]

צו דער פלעיאַדע העברעישע שרייבערס וואָס אין זייערע שאַפונגען זעט זיך אָן די קעגנזייטיקע השפעה פון יידיש און העברעיש, דאַרף מען אויך דערמאָנען: זלמן שניאור, דוד פרישמאַן, ה. ד. נאָמבערג, י. ד. בערקאָוויטש, אהרן צייטלין, אליעזר שטיינמאַן, שמשון מעלצער און פיל אַנדערע.

**צי האָט די צווייִשפּראַכיקייט אַ המשך?**

מ׳איז באַרעכטיקט צו שטעלן די האַרבע פראַגע: עקזיס־טירט אויך היינט, אין די 80ער יאָרן, אַ קעגנזייטיקע השפעה און אַ גייסטיקע דערגאַנצונג צווישן העברעיש און יידיש, ווי דאָס איז געווען אַ מאָל ביי דער אויבנדערמאָנטער גרופּע שריי־בערס? די תשובה איז, ליידער אין אַלגעמיין, אַ נעגאַטיווע, כאָטש ס׳זענען נאָך פאַראַן יוצא דופנס. פון פריערדיקן דור זענען נאָך פאַרבליבן גאָר געציילטע שרייבערס וואָס קענען גוט העברעיש און יידיש און זענען ממשיך די אַלטע טראַדי־ציע. אָבער די איבערוועגנדיקע צאָל שרייבערס פון ביידע מחנות, סיי אין העברעיש אין יידיש, זענען אין גאַנצן אָפּגע־פרעמדט איינע פון די אַנדערע אין פרט פון שפּראַך און פון קולטור. עס וואַקסט שווידערלעך די קעגנזייטיקע איגנאָראַנץ.

---

18. זע, ח. שמרוק: „יצירתו של א. צ. גרינברג ביידיש בארץ־ישראל ובפולין", „הספרות", נומער 29, אַרויסגעגעבן פון תל־אביבער אוניווערסיטעט, דע־צעמבער 1929, זייטן 82—92.

עם הארצות ווערט אַלץ מער דער צד השווה פאַר דעם רוב פוןביידע מחנות. ס׳פעלט דער קלימאַט פאַר קעגנזייטיקער השפעה. זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען די מיינונג פון פראָפ. דב סדן, מיט זיין העברעישער און יידישער ערודיציע, דער גרויסער קענער פון אונדזער פאַרצווייגטער ליטעראַטור, וואָס זאָגט מיט טיפן באַדויער, אַז די באַציונגען צווישן די ביידע שפּראַכן און קולטור — העברעיש און יידיש — ווערן באַגלייט מיט אַ טיפער פאַרפרעמדונג און עם הארצות, וואָס איז אייגנטלעך דער גרעסטער שונא פון אונדזער קולטור־לעבן אין דער צוקונפט.

די העברעישע ליטעראַרישע שאַפונג אין די תפוצות — איז כמעט ווי פאַרשוווּנדן. די יידישע שולן גיבן די תלמידים אַ קנאַפּע קענטעניש אין עברית און נאָך ווייניקער אין יידיש. מען דאַרף זען די ווירקלעכקייט מיט אָפענע אויגן און אָנערקענען אַז ס׳איז פאַראַן אַ פּראָצעס פון פאַרפרעמדונג. אַפילו צווישן די נעכטיקע אָנהענגערס פון אַ וועלטלעכער יידישער דערציונג איז מען שוין געקומען צו דער מסקנה, אַז מיט דעם סיסטעם האָבן מיר גאָרנישט דערגרייכט און מען מוז טראַכטן פון נייע וועגן ווי אַריינצוברענגען טראַדיציאָנעלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין אונדזער יידישער דערציונג, אויב מיר ווילן דערגרייכן אונדזערע נאַציאָנאַלע צילן.

ביים דערמאָנען די אַמאָליקע גרויסע פּלעיאַדע שרייבערס האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז אַ גרויסער טייל פון זיי האָט באַקומען זיין גייסטיקן באַגאַזש אין די בתי מדרשים און ישיבות אין וועלכע אַ סך פון זיי האָבן זיך אויסגעכאָוועט און אויסגעוואָרעמט. אויך אין די 80ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט זענען אָט די רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן נישט פאַרשוווּנדן. אין ישראל זענען פאַראַן מער פון 40 טויזנט פאַרשידענע ישיבה־בחורים און אין די גלות־לענדער זענען פאַראַן פיל מער, און דאָך וואַקסן נישט אויס פון די היינטיקע ישיבות און בתי

מדרשים קיין מענדעלעס, פּרצעס, ביאַליקס, שטיינבערגס, צייטלינס, שניאורס און אַנדערע, נישט אין העברעיש און נישט אין יידיש. שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז דאָ געשען? פאַר וואָס זענען די היינטיקע ישיבה־בחורים אַזוי אָפּגעזונדערט פון כלל ישראל? ווען מען קוקט אַריין צווישן די ווענט פון די היינטיקע ישיבות אין דער וועלט, דערזעט מען אַז עס ווערט אין זיי דערצויגן אַ דור מיט ביטול צום יידישן כלל און גאָר ווייניק אין גייסט פון אונדזערע נאַציאָנאַלע הצטר־כותן. אין דעם רוב ישיבות לערנט מען די הלכה און אַנדערע ספרי קודש מיט אַן אויסטייטשונג אין יידיש (אָדער טייללווייז אין דער לאַנדשפּראַך). ווען אַ טייל קינדער אין די בתי מדרשים רעדן יידיש איז עס אַ דערגרייכונג. דאָס איז אין גלות. אויך אין דעם רוב ישיבות אין ישראל מיט זייערע צענדליקער טויזנטער תלמידים איז דער מצב דער זעלבער. דער רוב רעליגיעזע לימוד־אַנשטאַלטן זענען באַהערשט פון אַ פּאָליטיזירנדיקן סיסטעם, וואָס האָט געשאַפן אַרום זיך הויכע פאַרפּאַנצערטע ווענט, כמעט הערמעטיש אָפּגעטיילטע פון דער אַרומיקער יידישער נאַציאָנאַלער וועלט. איך שרייב דאָס מיט אַ שווער געמיט, ווייל איך האָב טיפע סענטימענטן פאַר דעם טראַדיציאָנעלן לעבן, אָבער ווען די ישיבות־וועלט ווערט אַזוי אָפּגעזונדערט, רופט עס אַרויס טרויעריקע געדאַנקען און אַ סך זאָרג. אַוודאי זענען פאַראַן איינצלנע אויסנאַמען, אַוודאי זענען פאַראַן וויכטיקע גייסטיקע דערשיינונגען, אָבער דער אַל־געמיינער סך הכל איז אַ הערמעטישע אָפּגעזונדערקייט. ביידע מחנות פאַרלירן פון אַזאַ רעזשים.

ס׳איז נויטיק אַז אין דער וועלטלעכער יידישער דערציונג זאָל קומען אַ רעוואָלוציאָנערע ענדערונג וואָס שייך די גייס־טיקע יידישע קאָמפּאָנענטן וואָס די שילערס דאַרפן באַקומען פון די פּריסטע לערניאַרן. אָן אַ טיף קענען אונדזער געשיכטע, טראַדיציע, אָן אַן אינטימער נאָענטקייט צו אונדזער אייגנאַר־

טיקייט, אַן אַ קעמפערישקייט קעגן די פאַרשידענע אַסימי־לאַציע־טענדענצן, אַן אַ גרויסער דאָזע פון פּילוורטיקער ייִדישקייט — וועלן מיר פאַרלירן נאַציאָנאַל אונדזער יונגן דור.

## דער שפּראַכנקאַמף האָט געפּלאַסטערט אַ קעגנזייטיקע שנאה

היינט, אין אָנהויב פון יאָר 1982, ווען דער שפּראַכנ־קאַמף אויף דער ייִדישער גאַס איז כמעט פולשטענדיק פאַרענ־דיקט און עס זענען נאָך געבליבן בלויז קליינע קעמפערישע גרופּן וואָס האָבן נישט קיין השפּעה; היינט, ווען נאָך דער אימפּאָזאַנטער ייִדיש־קאָנפערענץ אין יאָר 1976 אין ירושלים, איז דערקלערט געוואָרן דער סוף פונעם שפּראַכנקאַמף אין ישראל און דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אינעם רוב גלות־לענדער (אויסער סאָוויעט־רוסלאַנד) — אָט אין די טעג איז כדאי צו דערמאָנען, כאָטש גאַנץ קורץ, וואָס עס האָט אין דער פאַרגאַנגנהייט גורם געווען דער שפּראַכנקאַמף. מיין כוונה איז נישט צו שאַנעווען די צוויי מחנות, סיי די ייִדישיסטן און סיי די העברעיסטן, וועלכע האָבן געבראַכט דערצו אַז עס איז פאַרזייט געוואָרן האַס פון איינער צו דער אַנדערער.

דאָס נעגאַטיווע איז נישט באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס מען האָט געפּרוווט פּאַטאַל צעטיילן ביידע מחנות, נאָר דער עיקר אין דעם וואָס די גייסטיקע קוואַלן וועלכע האָבן אין די פריערדיקע דורות גענערט אונדזערע ליטעראַטורן, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן. ייִדיש האָט אויסגעפּילט אַן אייגנאַר־טיקע ראָל אין דעם בוי פון דער העברעישער שאַפונג מיט איר פאָלקסטימלעכקייט, זאַפטיקייט און וואַרעמקייט, העב־רעיש האָט נישט נאָר געגעבן ייִדיש די ערנסטקייט, נאָר האָט זי בעיקר באַגלייט מיט דערקענען די גייסטיקע ירושה פון ייִדישן פאָלק אין אַלע עטאַפּן פון זיין געשיכטע. ייִדיש אַן די

קוואַלן — איז אַ ראַבאַט־ליטעראַטור, אָן דער נשמה־יתירה פון יידנטום.

דער שפּראַכנקאַמף, אָפּשניידנדיק די רערן פון דער גייס־טיקער יניקה און השפּעה פון ביידע שפּראַכן אין דער ליטע־ראַרישער יצירה, האָט שוין דורך דעם אַליין פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ צעשטערערישן פאַקטאָר. מיט אַ פולשטענדיקער איינשפּראַכיקייט און אַ מאַניסטישער אויפפאַסונג, האָט די מחלוקת אַזוי ווייט געפירט, אַז נישט די העברעישע און נישט די יידישע מחנה האָט געוווּנען פון דער שפּראַכן־מחלוקת. פיל יידישע קרייזן, די מער אינטעליגענטע, האָבן, בעיקר אין די תפוצות, זיך פאַרקערעוועט צו אַ דריטער שפּראַך. דאָס הייסט, אַז דער שפּראַכנקאַמף איז געוואָרן אַ דערמוטיקנדי־קער פאַקטאָר אין דער שפּראַך־אַסימילאַציע. גענוג צו זען וואָס עס קומט היינט צו טאָג פאָר מיט יידיש אין דעם אַנגלאָ־זאַקסישן קרייז, ווי אויך אין דער שפּאַנישער און פראַנצויזי־שער סביבה, כדי צו לערנען דערפון וואָס ס'האָט געגעבן די אַקטיווע תקופה פון דעם שפּראַכנקאַמף.

היינט איז קלאָר ווי פאַטאַל ס'איז געווען דאָס וועלן פּאָלי־טיזירן די קולטור־רערן פון אונדזער שפּראַך און קולטור. מען קען אויך פעסטשטעלן אַז נאָך דער קריגערישער תקופה פון קולטורקאַמף, ווען דער רוב „קאַנאָנען זענען שטיל גע־וואָרן" האָבן זיך אויפן שלאַכטפעלד פון דער יידישער ליטע־ראַטור אָנגעהויבן אַלץ מער איינוואָרצלען קעגנזייטיקע איג־נאָראַנץ און עם הארצות.

שוין מיט 40 יאָר צוריק האָט מען אָנגעהויבן איינצוזען די דעסטרוקטיווע ראָל פונעם שפּראַכנקאַמף און דעם שאָדן וואָס ער ברענגט פאַר ביידע מחנות. אין יאָר 1940 איז גענומען געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער יידישן פּ.ע.נ.־קלוב די איניציאַטיוו צונויפצורופן אין ניו־יאָרק אַן עפנטלעכן צוזאַ־מענטרעף אונטערן לאָזונג: „העברעיש און יידיש באַגעגע־

נען זיך". ס'איז שווער פעסטצושטעלן די פרוכטן פון דער דאָזיקער איניציאַטיוו, אָבער אין תוך איז דאָס געווען אַ פאָזיטיווע דערשיינונג. די אַלע וואָס גלויבן אין דער נויטווענדיקייט פון אַ נאָענטן קאָנטאַקט צווישן די ביידע שפּראַכן דאַרפן נישט און טאָרן נישט משלים זיין מיט דער לאַגע. מען טאָר נישט מיד ווערן פון פאַרזייען גוטע קערנדלעך, ס'וועלן קומען גוטע שפּראָצונגען.

### די ישראלדיקע העברעישע שרייבערס און יידיש

צי איז פאַראַן אַן אויסזיכט אַז אַ טייל פון די העברעישע שרייבערס וועלן האָבן אַ פאָזיטיווע באַציונג צו יידיש, צו דער יידישער סביבה און אויך צום מקור פון דער יניקה פאַר זייער יצירה? ס'איז שווער צו געבן אַ קלאָרן און ענדגילטיקן ענטפער אויף דער פראַגע. ווען מען לייענט אויפמערקזאַם אַ טייל פון די יונגע פּראָזאַיִקערס, קען מען געפינען דערמוטיקנדיקע אָנהויבן.

ס'איז כמעט שווער צו גלויבן, אָבער אַ פאַקט איז עס, אַז דער צווייטער דור אין דער ישראלדיקער ליטעראַטור זוכט זיינע וואָרצלען נישט נאָר אין תחום פון ישראל, נאָר אויך אין די פריערדיקע דורות, וויל אָנקניפּן און צוריק זיך פאַרבינדן מיט דער איבערגעריסענער קייט. איידער מיר וועלן ברענגען אייניקע קאָנקרעטע ביישפּילן, וועט זיין גוט זיך אָפּצושטעלן און באַטראַכטן די יסודות פון דער יונגער העברעישער ליטעראַטור. ב. י. מיכלי האָט אין זיין בוך „פרי הארץ"[19] אויספירלעך אַנאַליזירט די פּראָבלעמאַטיק פון דער יונגער ליטעראַטור און ער שרייבט: „דער דור וואָס איז געבוירן

19. ב. י. מיכלי: „פרי הארץ", פאַרלאַג „מסדה", 1966, זייטן 30—51.

און געוואַקסן דאָ אין לאַנד, האָט נישט רעוואָלטירט קעגן די קולטור־טראַדיציעס פון גלות און ער האָט נישט פאַרנאַכלע־סיקט זיינע מאָראַלישע ווערטן. ער האָט זיי פשוט נישט געקענט".

אייגנטלעך, איז דער **באַוווּסטזיניקער** איבעררייס מיטן נעכטן געקומען פון די עלטערן פון דעם יונגן דור, וועלכע האָבן געגלויבט אַז מיט זייער רעוואָלט קעגן דעם גלות וועלן זיי זיך באַפרייען פון די ביטערע באַדינגונגען פון אונטער־דריקטקייט. אָבער צוזאַמען מיטן רעוואָלט און מיטן צעברעכן די אַלטע לעבנס־ראַמען, איז צעבראָכן און צערונען געוואָרן דער קולטור־אינהאַלט פון די דאָזיקע דורות און דאָס איז געווען אַ גרויסער גייסטיקער פאַרלוסט. פאַרן יינגערן דור איז געבליבן אַ גרויסער חלל אין וועלכן ס'האָט זיך געפילט דער מאַנגל פון גייסטיקן המשך פון דורות.

איבערן גרויסן יידישן ישוב אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אין יענער תקופה געהערשט די יעווסעקציע וואָס איר שיטה איז געווען איבערצורייסן מיט דער פאַרגאַנגנהייט פון יידישן פאָלק, דערווייטערן זיך פונעם היסטאָרישן און קולטורעלן מקור, בלייבן אָן וואָרצלען, אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי. נאָר יידיש אַלס שפּראַך איז געבליבן אַנערקענט, אָבער בלויז אויף דערווייל, ווייל אויך דער גורל פון יידיש און פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אַ שווידערלעכער און איז דערגאַנגען ביז צום אויסראָטן די וויכטיקסטע שעפער׳ס פון דער יידישער ליטעראַטור. די יעווסעקציע אַליין איז נאָך פריער ליקווידירט געוואָרן. דער גרעסטער טייל פון די פאַר־שיכורטע חסידים שוטים פונעם סאָוויעטישן רעזשים אויף דער יידישער גאַס האָט זיך מיט דער צייט אויסגעניכטערט אָבער די אויסראָטונג פון די יידישע דורותדיקע קולטור־אוצ־רות — און פון די פון דער תקופה פון דער יעווסעקציע — איז פאַרבליבן.

אין ישראל האָט זיך דער יונגער שרייבער אָנגעשטויסן אויף אַן אינערלעכן מינירנדיקן פאַקטאָר, דאָס איז די כנעניש באַוועגונג, וועמענס ציל עס איז געווען אָפּצוטיילן די יידן פון ארץ־ישראל — שפּעטער פון מדינת ישראל — פון דעם יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער. דער כנעניזם האָט אָפּגעלייקנט די היסטאָרישע וואָרצלען פון יידישן פאָלק. זיין שיטה איז געווען איבערצושפּרינגען די גאַנצע גלות־עפּאָכע מיט איר קולטור, וואָס דאָס הייסט באַוווסטזיניק פאַרלייקענען די המשכדיקייט פון אונדזער אומה.

די געשאַפענע לאַגע האָט נאָר געקענט דערשטיקן דעם פרייען אויסדרוק פון דעם ערשטן דור שרייבערס אין א״י. מיט רעכט ווייזט אָן ב. י. מיכלי אין זיין עסיי: „די פּראָבלעמאַטיק פון דער נייער ישראלדיקער פּראָזע", אַז „זיי זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַן ענגן קרייז ווו דער פאַרקער איז זייער באַגרענעצט, און אַפילו מיט דער פאַנטאַזיע האָט זיך נישט איינגעגעבן אַריינצודרינגען אין די געשאַפענע גרענעצן". זיי זענען טאַקע געווען געצוווּנגען צו באַשרייבן זייער אייגענעם קרייז און זייער דור. דער ערשטער העברעישער דור שרייבערס האָט אָבער נישט משלים געווען מיט דעם און עס זענען געווען פיל פאַלן פון אַריבערוואַרפן בריקן צו די פריערדיקע דורות אין גלות; טייל האָבן געזוכט אַן אָנהאַלט אין דעם היסטאָרישן ראָמאַן, אָדער דערציילונג, כדי צו געפינען אַ בריק צו דער קאָנטינויִטעט פון דורות.

אַ טייל פון דעם יונגן שרייבער־דור, בעיקר די סאַברעס האָבן געזוכט אין אַ גרויסער מאָס נישט צו באַגרענעצן זיך צום היסטאָרישן ראָמאַן און זיי האָבן רעוואָלטירט כדי אויסצוזוכן סטעזשקעס — צום גייסטיק־קולטורעלן המשך פון די פריערדיקע דורות. דאָס איז געווען אין זייערע אויגן דער לאָגישער אויסגאַנג פאַר זייער ליטעראַרישער שליחות.

די אַנטי־כנענישע אויפפאַסונג האָט געגעבן גוטע פּרוכט.

מיר וועלן דאָ נישט קענען ברענגען קיין סךביישפּילן, בלויז עטלעכע, וואָס וועלן באַווייזן אַז ביי די זוכענישן נאָך דורות־געקייטלטקייט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויך אויף דער יידיש־קולטור און יידיש איז ביים רעוואָלטירנדיקן קרייז אַ וויכטיקע טעמאַטיק אין זייער שאַפונג.

נעמט למשל דעם קערנדיקן און גוט איינגעוואָרצלטן העברעישן שרייבער, אהרן מגד, וועלכער האָט אין זיין דער־ציילונג „יד ושם" (פון בוך „ישראל חברים") געשטרעבט אַריינצודרינגען אין דער נשמה און גייסטיקן לעבן פון דעם פריערדיקן דור. ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען אין קורצן דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער דערציילונג כדי מיר זאָלן קענען אויפנעמען מגדס צוגאַנג.

דער אַלטער זיידע זיסקינד מיט דער הדרת פּנימדיקער ווייסער באָרד לעבט אָפּגעזונדערט פון זיין טאָכטער, דער אַלמ־נה, אין תל־אביב. זי האָט אויך אַ טאָכטער און אַן איידעם. דער אַלטער זיידע איז די גאַנצע צייט זייער פאַרטרויערט נאָך זיין אייניקל מענדעלע, וואָס די נאַציס האָבן דערמאָרדעט און וועלכער איז, לויט זיין מיינונג, געוואַקסן אַ גאון. ווען ער דערוויסט זיך, אַז דאָס אייניקל, די טאָכטער פון זיין טאָכטער, איז שוואַנגער געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן בעטן די טאָכטער, די אַלמנה, זי זאָל באַאיינפלוסן איר איידעם אַז ער זאָל מסכים זיין, אויב ס'וועט געבוירן ווערן אַ זון, זאָלן זיי אים אַ נאָמען געבן — מענדעלע. דאָ קומט טאַקע די גרויסע אַנטוישונג, ווייל ביידע יונגע עלטערן טענהן אַז דער נאָמען מענדעלע איז אַ גלות־נאָמען. זיי ווינען אין ארץ־ישראל און זיי וועלן געבן אַ פּאַסיקן נאָמען דעם קינד.

דער זיידע ווערט אַלץ מער אויפגערעגט און ענטפערט: „ביסט אַ נאַר, גלויבסט נישט אין קיין שום פאַרבינדונג, דו ביסט דאָך אַ זון פון דיין טאַטן, אַ זון פון זיידנס זון, ווילסטו דאָס אַלץ פאַרגעסן, אָפּווישן?! און פאַרטראַכטנדיק זיך גיט

דער זיידע אַ זאָג: „קינדער, קינדער איר ווייסט נישט וואָס איר טוט! איר פאַרענדיקט די מלאכה וואָס די שונאי ישראל האָבן אונדז אָפּגעטאָן. זיי האָבן אונדז פאַרניכטעט פיזיש און איר ווילט איצט גורם זיין, אַז מען זאָל פאַרגעסן זייער נאָמען, זייער זכר! נישט קיין המשך, נישט קיין עדות, נישט קיין „יד ושם", אויס מיט יעדן זכר וועגן זיי!".

דער זיידע האָט זיך אַ צערודערטער אויפגעשטעלט און מיט שנעלע טריט אַרויס פון דער וווינונג.

דאָ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די דראַמע פון דורות, וועלכע אהרן מגד האָט קאָנפראָנטירט און בכיוון געוואָלט איינפלעכטן די דאָזיקע פּראָבלעמאַטיק אין דער דורות־קייט אין ישראל.

אַזוי ווי מיר האָבן געבראַכט אַ קיצור פון מגדס דער־ציילונג, וועט זיין אויך זייער אינטערעסאַנט צו דערמאָנען דעם זעלבן מגדס אַן עסיי א. נ. „באַטראַכטונגען איבער צוויי שפּראַכן". ער, דער כמעט סאַברע (געקומען קיין א״י אין עלטער פון 5 יאָר), זאָגט זיך אַרויס מיט גרויס וואַרעמקייט צו יידיש אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיר ברענגען דאָ נאָר אייניקע ציטאָטן, וואָס כאַראַקטעריזירן זיין שטעלונג: „יידיש האָב איך קיין מאָל נישט גערעדט און קיין מאָל נישט גע־לערנט, דאָס קנאַפּע וואָס איך קען, איז עס פון מיין קינד־הייט אין דער באָבעס הויז, פון שכנים, קרעמערס, אָדער אַראַבישע גאַסן־הענדלערס. טראָץ דעם, שיינט מיר, אַז איך פאַרשטיי יידיש אַ סך מער ווי איך קען. איך „פיל" זי און אירע אייגנשאַפטן, קוק אַריין אין איר האַרצן און אירע אויגן, איך פיל צו איר אַ משפּחה־קרובהשאַפט". און ווייטער שרייבט מגד: „אָפּט מאָל 'קיצלט מיך' צו רעדן יידיש. עס שיינט מיר, אַז אַ סך זאַכן, דער עיקר אין תחום פון געפיל, וואָלט מיר געווען אַ סך לייכטער אויסצודריקן אין אונדזער יידישער שפּראַך, וואָס איך קען כמעט נישט. זי איז ווייכער, וואַרעמער, אינטימער, פשוטער, וועלטלעכער און עלאַסטישער".

אַזאַ באַציונג צו יידיש מצד אַ יונגן ישראלדיקן שרייבער דאַרף אַרויסרופן ביי אונדז אַ סך דערמוטיקונגס־געפילן.

כ׳וויל זיך נאָך אָפּשטעלן אויף אייניקע אַנדערע וויכטיקע יונגע ישראל־שרייבערס און דערמאָנען זייערע נעמען. אָט, למשל, חנוך ברטוב, געבוירן אין פתח־תקוה, 1926. ווען כ׳האָב אים דערציילט וועגן מיין אַרבעט „יידיש און העברעיש", האָט ער מיר זייער אָפן געזאָגט, אַז ער האָט שטענדיק פּאַרערט און אָפּגעשאַצט יידיש, טראָץ דעם וואָס ער שרייבט נישט קיין יידיש, אָבער זיין טעמאַטיק איז טיילווייז פון יידישע קוואַלן. „אין מיין בוך „שש כנפים לאחד" (זעקס פליגלען פּאַר איינעם) געפינט איר דעם גאַנצן יידישן שטייגער און יידישן פאָלקלאָר, דעם יידישן קלימאַט וואָס איז דאָמינירנדיק אין דעם בוך".

אויך דער וואָגיקער העברעישער פּראָזע־שרייבער אהרן אַפּעלפעלד, האָט מיט צופרידנקייט מיר אַ זאָג געטאָן, אַז ווען מ׳לייענט זיינע העברעישע פּראָזעווערק קען מען אויף יעדן שריט און טריט זיך אָנשטויסן אויף יידישע מאָטיוון. אַפּעלפעלד איז געבוירן געוואָרן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1932. אין דער מלחמה־צייט האָט ער געוואַנדערט אין טראַנס־ניסטריע, געקומען קיין א"י דורך דער עלית הנוער. ווען ער האָט זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט, האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען אין ירושלימער אוניווערסטעט העברעישע און יידישע ליטע־ראַטור.

אהרן אַפּעלפעלד האָט אָנגעהויבן צו שרייבן העברעישע דערציילונגען שוין פון יאָר 1962. דאָס ערשטע בוך זיינס „עשן" איז אַרויס אין דער אויסגאַבע „עכשיו". די שפּע־טערדיקע ביכער זענען: „בגיא הפורא", פאַרלאַג שוקן (1963); „קומת קרקע" (1968); „העור והכתונת" (1971) א. אַנד. איר טרעפט אין פיל פון זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען דעם יידישן גלות־פּייזאַזש מיט דער ספּעציפישער אייגנאַרטיקייט.

אַפּעלפּעלד רעדט אַ פּליסיקן ייִדיש און כאָטש ער איז גלייך אַריין אין דער העברעישער שאַפונג איז ער אָבער נאָענט געבונדן מיט ייִדישן אינהאַלט. מען קען זאָגן אַז ער איז אַ יוצא דופן אויף דעם געביט און זיכער איז ער אין דער יונגער ישראל־ליטע־ראַטור דער טיפּישער שילדערער פֿון דער נעכטיקער ייִדישער אַטמאָספער און ער וועט נאָך מיט דער צייט אויפטאָן אויף דעם געביט וואָס איז אונדז אַלעמען אַזוי נאָענט.

צווישן די יונגע העברעישע שרייבערס איז אויך וויכטיק צו דערמאָנען יצחק אורפּז. ער איז געבוירן אין יאָר 1923 אין לינקאָוו און שפּעטער מיט 3 יאָר אַריבערגעפֿאָרן קיין ליפּקאַן אין בעסאַראַביע, ווו ער האָט איינגעזאַפּט, אין משך פֿון 11 יאָר פֿון זיין יוגנט, דעם ייִדישן פּילפּאַרביקן לעבנס־נוסח. אָט די תקופה איז פֿאַר אים געווען די ליטעראַרישע אינקובאַציע. אין דער סביבה פֿון דעם שטעטל זענען שוין אויסגעטראָטן געוואָרן סטעזשקעס פֿון שרייבערס אין דער העברעישער און ייִדישער ליטעראַטור. ליפּקאַן איז געווען אַ שם דבר אין דער ייִדישער ליטעראַרישער וועלט. חיים נחמן ביאַליק האָט באַצייכנט ליפּקאַן ווי דעם „בעסאַראַבער אָלימפּ״. דאָרטן זענען אויסגעוואַקסן פֿיר פּראָמינענטע שרייבערס: משה אַלטמאַן, דער פּראָזאַיקער, וועלכער איז געשטאָרבן, אין 1981 אין עלטער פֿון 90 יאָר, אין טשערנאָוויץ; און די פֿאַרשטאָרבענע יעקב שטערנבערג, דער פּאָעט און טעאַטראַל; אליעזר שטיינ־באַרג, דער גרויסער פֿאַבוליסט און יהודה שטיינבערג, דער איידעלער פּראָזאַיקער. אָט דער לעצטער האָט פֿאַרקערעוועט אין זיין שרייבן בעיקר צו העברעיש, דאַקעגן זיינע 3 קאָלעגן האָבן געשאַפֿן אין ייִדיש.

יצחק אורפּז, נאָך אַן אָפּשניט פֿון 60 יאָר, איז ער אויך צוגעטרעטן און געוואָרן אַ נייער מיטגליד פֿון „בעסאַראַבער אָלימפּ״. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער נייער העברעי־

שער ליטעראַטור און האָט פון אָנהויב אָן זיך אַנטפּלעקט ווי אַן ערנסטער פּראָזאַיקער.

אין זיין בוך „רחוב הטמוז'נה" (1979), אין פאַרלאַג „הקיבוץ המאוחד", אַנטפּלעקט זיך יצחק אורפּז ווי איינער, וועלכער האָט קינסטלעריש געוועבט דעם פאָדעם פון דעם ספּעציפישן בעסאַראַבער לעבנס-נוסח און האָט פאַרוואָרפן בריקן צום נעכטן. אָט דעם יידיש בעסאַראַבישן שטייגער האָט ער לאַנגע יאָרן געהאַלטן אין זיך און מיט אַ מאָל אַנטפּלעקט אַ גרויסן טייל פון זיינע קינדהייט־יאָרן אין זיין „רחוב הטמוז'נה". אין דער דערציילונג טרעפט מען אַ גאַנצע ריי ווערטער, אויסדרוקן, און די גאַנצע באַשרייבונג פון אַ ריין יידישן אינהאַלט. אָט הערט דער מחבר ווי זיין מאַמע זינגט וועגן דאָקטאָרל אין יידיש. אין דעם העברעישן טעקסט גיט דער מחבר אין יידיש דאָס ליד פון דער מאַמען: „... אָט קומט מיין דאָקטאָרל / זיי וועלן אים נישט זען / די בלימעלאַך וועלן בליען / מיין דאָקטאָרל וועט פליען מיט מיר קיין ארצישראל..." דער ניגון, וואָס דריקט אויס אַ בענקענדיקע שטימונג, אַנטהאַלט די האָפענונג צו פליען קיין ארץ ישראל. די גאַנצע שאַפונג אָטעמט ממש מיט דער ספּעציפישקייט פון יידישן שטעטל אין וועלכער ס'לעבט דאָס יונגע בחורל וואָס כאַפּט אַלץ אויף מיט נייגעריקע אויגן, ווייל אַלץ זען און אַלץ וויסן. מיר שטויסן זיך אָן אין יצחק אורפּזס נאָוועלע אין קינדער וואָס זוכן דעם עק וועלט און וואָס זיי ווייזט זיך אויס, אַז גראָד אויפן בוידעם, וואָס איז מיסטעריעז, געפינט זיך מסתמא גאָר אַ נייע וועלט. ביז זיין עלטערער ברודער שטופּט אים אַרויף ממש מיט כוח אויפן בוידעם כדי ער זאָל זען אַז דאָרטן איז גאָרנישטאָ. אַן אַנטוישונג כאַפּט אַרום דאָס יינגל. דאָס זענען די שענסטע ראַנגלענישן, וועלכע יידישע יינגלעך האָבן דורכגעלעבט אין זייערע זוכענישן. דער בוידעם איז כמעט אַ יידישע אינסטיטוציע אויף וועלכער עס איז

געבויט דער יידישער אויסדרוק: „פון אַלע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם". יצחק אורפז פרוווט מיט זיין שאַפונג אָנצוטאַפּן די וואָרצלען פון זיין יידישער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט.

נאָך אַ בולטער ביישפּיל איז דער העברעישער שרייבער סאַבּרע, חיים באר, דער יונגער ישראל פּראָזאַיקער, געבוירן אין ירושלים אין יאָר 1945, וועלכער האָט לעצטנס אַרויס־געגעבן דאָס בוך „נוצות" (די פעדערן), פאַרלאַג „עם עובד" 1980, אין וועלכן איר שטויסט זיך אָן אויף יידישע אויס־דרוקן. חיים באר איז איינער פון די יונגע שרייבערס וואָס ווייזן אַרויס ליבע צום אַלטן און יונגן ירושלים און אַ סך פּיעטעט צו יידיש. אין אַ שמועס מיט אים וועגן זיין בוך „נוצות" האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט ליב צו רעדן יידיש, ווייל יידיש אין זייער הומאַניש, נישטאָ אין איר די האַרטקייט אויף וועלכער מיר שטויסן זיך אָן אַנדערשוווּ.

דב סדן האָט זייער וואַרעם אויפגענומען חיים בארס „ערשטלינג"־דערציילונג און ער פאַרגלייכט זי מיט ש"י עגנונס סיפור „והיה העקוב למישור".

„דער עיקר איז — שרייבט דב סדן — אַז דאָס אַלטע און דאָס נייע זענען ביי אים צונויפגעפּאָרט ווי אַ מיזוג פון יוגנטלעכקייט און זיקנה און ער איז דער סוד פונעם מיזוג וואָס אַנטפּלעקט זיך מיט זיין כוח צו לעבן און אויפצולעבן אַלט און ניי אַזוי ווי מיר האָבן עס געזען אין זיין דערציילונג".

און חיים באר שרייבט אין זיין עסיי „יידיש ועברית במאבק ובהתפייסות" (יידיש און עברית אין קאַמף און אין איבערבעטן זיך) — אין תרבות וספרות פון „הארץ":

„קען זיין אַז די אויפוואַכונג פון יידיש צווישן די עברית־רעדערס דרינגט אַרויס פון געפיל אַז אין דער שפּראַך איז פאַרבאָרגן דאָס געהיימע צוויבערוואָרט וואָס זאָל אַרויסשלעפּן עברית פונעם מצב אין וועלכן זי געפינט זיך היינט און זי

פּאַרוואַנדלען אין אַ שפּראַך אַ גערעדטער וואָס זאָל פּאַר־מאָגן אַלע שפּראַך־פּאַרבאָרגענישן און רייכקייטן און דאָך נישט זיין קיין קאָמפּליצירטע מליצה־שפּראַך קיין „שבתדיק יידיש", וואָס גייט היינט צו טאָג אַרויס פון די מיילער פון די ליבהאָבערס פון אַ געלייטערטן עברית".

מיר וואָלטן געקענט ברענגען נאָך ביישפּילן כדי צו שטאַר־קן די טעזע, אַז יידיש געפינט זיך נאָענט ביי אייניקע פון די העברעישע יונגע שרייבערס, וועלכע זעען אין אונדזער מאַמע־לשון נישט נאָר אַ שפּראַך נאָר אויך אַ מיטל צו דערגרונטע־ווען זייער נעכטן, אויסצוגעפינען זייערע אייגענע וואָרצלען וואָס שטעקן אין די פריערדיקע דורות, זיי פילן אין יידיש אַ גרויסע וואַרעמקייט און פאָלקסטימלעכקייט.

אָט, למשל, האָט זיך אַרום דער באַקאַנטער העברעישער ליטעראַרישער צייטשריפט „סימן קריאה" גרופּירט אַ קרייז יונגע העברעישע שרייבערס, וועלכע ווייזן אַרויס פיל אינ־טערעס צו דער יידישער קולטור.

ס'איז אויך כדאי צו דערמאָנען, אַז דער סאַברע־שרייבער, דער באַקאַנטער העברעישער קריטיקער דן מירון (געבוירן אין תל־אביב, אין יאָר 1934), פּראָפעסאָר פאַר העברעישער ליטעראַטור, האָט זיך פאַרטיפט אין לערנען די יידישע שפּראַך און יידישע ליטעראַטור און מיט דער צייט איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון דער קאַטעדרע פון יידיש ביים תל־אביבער אוניווערסיטעט. צווישן זיינע וויכטיקע ביכער איז זיין בוך וועגן שלום־עליכמען, ווי אויך וועגן דער העברעישער ליטעראַטור אין 20סטן יאָרהונדערט. אין יאָר 1981 איז דערשינען אין יידיש זיינע אַ זאַמלונג עסייען „דער אימאַזש פון שטעטל", דאָס ערשטע בוך געשריבן אין יידיש פון אַ סאַברע, וואָס האָט זיין אייגנאַרטיקן קוק אויף דער אויטענ־טישער יידישער שאַפונג אין שטעטל.

אין דעם לעצטן טייל פון מיין אָפּהאַנדלונג האָב איך

געפּרוּווט אָנווייזן אַז טראָץ דער זייער אָפּגעשוואַכטער צוויי־שפּראַכיקייט, איז דאָך נאָך פאַראַן ביי אַ טייל פון די יונגע העברעישע שרייבערס אין ישראל אַ ניצוץ פון אַ פּאָזיטיווער באַציונג צו יידיש, אָבער דאָ פעלט זיכער אַ מער אויספיר־לעכע באַשרייבונג פון די באַדינגונגען אין וועלכע ס׳שאַפט זיך אַ בעסערע אַטמאָספער פאַר יידיש אין ישראל. כדי דאָס בילד זאָל זיין קלאָרער דאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויך אויף דער פאַרשאַרבעט פון יידיש וואָס ווערט געפירט אין די ישראל־אוניווערסיטעטן.

אויך די צוגעקומענע פאַרשידענע יידיש־רעדנדיקע עליה־קרייזן קענען דינען אַלס אַ צוגאָב־רעזערוואַר פאַר יידיש. פאַראַן נאָך אַנדערע קאָמפּאָנענטן וואָס קענען העלפן דער קאָאָפּעראַציע צווישן יידיש און העברעיש.

אין דעם קומענדיקן, פערטן אַרטיקל פון מיין סעריע „יידיש אין ישראל", וועל איך זיך אויף די דאָזיקע מאָמענטן אויספירלעך אָפּשטעלן.

מיר האָבן נאָך נישט אויסגענוצט אַלע אָפּעראַטיווע וועגן ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן די קוואַלן צו שטאַרקן יידיש און דערנענטערן זי צו דער העברעישער מחנה.

וועט מען מצליח זיין אין דער ריכטונג — וועט עס זיכער זיין אַ גוטער אָנזאָג פאַר דער צוקונפט פון יידיש.

### נישט אַנטלויפן פון אמת

יידיש און העברעיש זענען היינט, אין די 80ער יאָרן, אַ שווער פּראָבלעם, אָבער נישט קיין האָפענונגסלאָז פּראָבלעם.

אמת, ס׳זענען פאַראַן זייער אַ סך קדיש־זאָגערס נאָך יידיש, פאַראַן אַן איבערוואָג צו שפּראַך־אַסימילאַציע, ס׳ווערט בכלל פאַרטושט די אייגנאַרטיקייט פון אונדזער נאַציאָנאַלן

ווען. יידיש געפינט זיך אין אַ פּאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע, זי האָט פאַרלוירן זייער פיל פון אירע געטרייע זין וועלכע זאָלן וויסן ווי מכוון צו זיין איר צוקונפט.

איך האָב אין מיין אַרבעט געפּרוּווט באַווייזן דעם לאַנגן וועג פון דער שותפות צווישן יידיש און העברעיש, ווייל די געשיכטע באַווייזט אַז די שותפות איז אַן אָרגאַנישע: יידיש וועט זיין זיכערער, אויב זי וועט שטיין נאָענט צו העברעיש.

כ'ווייס אויך, אַז עס זענען פאַראַן פיל ערנסטע יידיש־ליבהאָבערס, וואָס האָבן שוין משלים געווען מיט דעם, אַז דער גורל פון יידיש איז אַ געחתמעטער און אַז די שותפות צווישן יידיש און העברעיש וועט זיך פאַרענדיקן אַזוי ווי ס'האָט זיך בשעתו פאַרענדיקט די שותפות צווישן לשון קודש און אַראַמיש. אַראַמיש האָט אויפגעהערט אויסצופילן איר שליחות און האָט פאַרלוירן איר נוצלעכקייט.

אַזאַ פּראָגנאָז איז נישט קיין היסטאָרישער מוז. יידיש איז אונדזערס אַ שפּראַך וואָס האָט אין משך פון דורות אויסגעפילט אַ וויכטיקע נאַציאָנאַלע שליחות. אויב יידיש פאַרשווינדט — וועט זי ירשענען אַ פרעמדע שפּראַך אָן יעדן פאָלקסגעפיל פאַר יידישער המשכדיקייט. די פרעמדע שפּראַך וועט פאַרטיפן די אַסימילאַציע און וועט אויך צערודערן העברעיש און דאָס וועט ברענגען מיט זיך אַ אומגליק. יידיש קען נאָך היינט אויספילן אַ וויכטיקע ראָל אין אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן.

מיר דאַרפן זיך נישט אויסבאַהאַלטן פונעם אמת, נאָר דווקא, וויסנדיק די האַרבעווירקלעכקייט, וועט מען דאַרפן אָננעמען דרייסטערע שריט כדי צו פאַרזיכערן די שותפות צווישן יידיש און העברעיש.

# 100 יאָר יידיש

שוין מער ווי 100 יאָר באַנוצן זיך די אשכנזישע יידן אין א״י מיט יידיש ווי מיט זייער אומגאַנגשפּראַך און ווי מיט אַ קולטורמיטל.

אין די 70ער—80ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט האָבן אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן צו דערשיינען די ערשטע פּובליקאַציעס אין יידיש: ספרימלעך, צייטשריפטן א״א. די אשכנזישע יידן האָבן אין טאָג־טעגלעכן לעבן גערעדט יידיש.

יידיש איז נאָך פון מיטן 18טן יאָרהונדערט געווען די אומגאַנגשפּראַך פון דער קליינער אשכנזישער קהילה אין לאַנד. די דאָזיקע קהילה איז פּאַמעלעך געוואָקסן מיט דעם צוקומען פון יידן פון מזרח־אייראָפּע: חסידים פון אַלע שאַטירונגען ווי אויך סתם פרומע יידן.

וואָס שייך דער עליה פון חסידים וועלן מיר נאָר דערמאָנען אייניקע, ווי למשל די גרופּע חסידים אין שפּיץ מיט נחמן האָראָדענקער און מנחם מענדל פּרעמישליאַנער,[1] וועלכע זענען אין יאָר 1765 עולה געווען קיין ירושלים. 12 יאָר

1. ש. דובנאָוו, „געשיכטע פון חסידות", באַנד א׳, זייטן 189—191, פאַרלאַג: אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, יאָר 1958, בוענאָס איירעס.

שפּעטער, אין יאָר 1777, קומען אָן קרוב צו 300 חסידים פון רוסלאַנד, בראש מיט ר׳ מנחם מענדל פון וויטעבסק. אין אָנהייב 19טן יאָרהונדערט איז עולה אַ גרופּע חב״דער חסידים און באַזעצט זיך אין חברון.

דאָס עולה זיין פון אייניקע גרופּעס חסידים האָט אָנגע־רעגט צו עליה אויך די מתנגדים. אין די יאָרן 1808—1812 איז אויפן אָנזאָג פון ווילנער גאון עולה געווען אַ גרעסערע גרופּע מתנגדים און זיך באַזעצט אין די שטעט צפת און חברון. צוליב דער מגיפה וואָס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן אין די דערמאָנטע שטעט זענען זיי אַריבער קיין ירושלים, ווו זיי האָבן געגרינדעט זייער קהילה „פּרושים״, וועלכע ווערט דער צענטער פון די מתנגדים אין ארץ ישראל.

כ׳דערמאָן די דאָזיקע פּרטים, כדי בולט צו מאַכן, אַז דער צופלוס פון יידן צו דער קליינער אשכנזישער קהילה, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן מזרח־אייראָפּעישן יידנטום און מיט דער חסידישער באַוועגונג, האָט מיטגעבראַכט אַהער יידיש ווי די טאָג־טעגלעכע אומגאַנגשפּראַך, בעת לשון־קודש האָבן זיי גענוצט פאַר זייערע רעליגיעזע הצטרכותן.

די אשכנזים אין ארץ ישראל האָבן זיך אין יענער צייט קאָנצענטרירט אין די פיר הייליקע שטעט: ירושלים, צפת, טבריה און חברון, ווו זיי האָבן געלעבט אין זייער שווערע באַדינגונגען. די דאָזיקע קליינע קהילות האָבן שווער געליטן, סיי עקאָנאָמיש און סיי געזעלשאַפטלעך.[2] די ספרדישע קהילה האָט זיי נישט אָנערקענט און די באַציונגען צווישן זיי זענען געווען זייער אָנגעשטרענגטע.

ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט,

---

2. מ. קאַסאָווער: Palestinian Yiddish געדרוקט אין ענגליש אין פאַרלאַג פון ראובן מאַסס, ירושלים 1966 זייטן 44־43. דאָס איז דער אַריינפיר וועגן דער לאַגע פון אַלטן ישוב. זע דעסגלייכן פון מ. קאַסאָווער, „ייוו״אָ־בלעטער״ 1939, זייטן 424—405.

אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון די קאָנסולן פון די פאַרשידענע אייראָפּעישע לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין ירושלים, האָט בהדרגהדיק זיך אָנגעהויבן צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די אשכנזישע קהילות. זיי האָבן באַקומען זעלבשטענ־דיקייט און אָנערקענונג.

אַן איבערבליק וועגן יידיש אין ארץ ישראל דאַרף מען דעריבער אָנהויבן אומגעפער מיט 100 יאָר צוריק. די דאָזיקע תקופה וועלן מיר פאַרטיילן אין 4 עטאַפּן:

א) **אין אַלטן ישוב** — אין די 70ער—80ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט ביזן אָנהייב פון דער צווייטער עליה; ב) אָנהייב פון פּאָליטישן קאַמף אַרום יידיש, מיטן דערשיינען פון „אָנפאַנג", אָרגאַן פון פועלי־ציון אין יאָר 1907; ג) 1928 — 1948 — די תקופה פון ראַנגלענישן פאַר יידיש און פאַר דער יידישער ליטעראַטור: ד) די תקופה זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל 1948 — 1980.

## אין אַלטן ישוב

ווען מען פרוווט אַרומנעמען, אַפילו בצימצומדיק, די יידיש־תקופה אין ארץ ישראל פאַר די לעצטע 100 יאָר, דאַרף מען געדענקען אַז אין לויף פון דער צייט האָבן דאָ געהערשט דריי פאַרשידענע רעזשימען: דער אָטאָמאַנישער (טערקישער) — ביזן 1917; דער בריטישער מאַנדאַט־רעזשים ביזן יאָר 1948 און פון מאַי 1948 — מדינת ישראל. יעדער רעזשים האָט זיך אויסגעווירקט אַנדערש אויפן היגן יידישן לעבן, אויף זיין פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז פון דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, פון די 70ער — 80ער יאָרן, קען מען צווישן אַנדערן אויך פאַרצייכענען די ווירקנדיקע ראָל

פון יידיש צוליב דער וואַקסנדיקער עליה פון אשכנזישע יידן וועלכע האָבן שוין דעמאָלט דערגרייכט צו דער זעלבער צאָל וואָס די ספרדישע יידן.

מען דאַרף צוגעבן, אַז אין דער תקופה הויבט זיך אָן אין יידישן ישוב אין א״י אַ נייע טענדענץ: פּראָדוקטיוויזירן די יידן, כדי זיי זאָלן אויפהערן לעבן פון חלוקה, דאָס הייסט פון קיצבה. אויב ביזן מיטן פון 19טן יאָרהונדערט איז די חלוקה געווען דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין דער יידישער קהילה, האָבן זיך שפּעטער באַוויזן איינצלנע אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געוואָגט אַריינצוברענגען דעם באַגריף פון פּראָדוקטיוויזאַציע דורך לערנען אַ מלאכה, לעבן פון ערדאַרבעט, דאָס הייסט, זיך אויסהאַלטן פון אייגענער פּראַצע און נישט נאָר פון קיצבה.

מיר קענען דאָ נישט אַריינגיין אין קיין אויספירלעכע פּרטים אָבער ס׳איז גענוג צו דערמאָנען איינצלנע פאַלן וועלכע כאַראַקטעריזירן די נייע תקופה. אַזוי איז אין יאָר 1856 געקומען קיין ירושלים לודוויג אויגוסט פראַנקעל און געגרינדעט די לעמעל־שול [3] וואָס איר צוועק איז געווען צום לערנען מלאכה דעם יונגן יידישן דור. משה מאָנטעפיאָרע דערציילט אין זיינע זכרונות [4] אַז ווען ער האָט באַזוכט ארץ ישראל צום זעקסטן מאָל, אין יאָר 1866, האָט ער מיט גרויס צופרידנקייט באַמערקט ווי מען הויבט אָן אין געוויסע קרייזן אָפּצושאַצן די בעלי מלאכות, וועלכע זענען ביז דאַן געוואָרן באַטראַכט פאַר מענטשן פון צווייטן ראַנג. ער האָט דעריבער גענומען אַן אַקטיווע ראָל אין דער ריכטונג. אויך די גרינדונג פון

3. „דער אַלטער ישוב אין ארץ ישראל״ (אין די 60ער און 70ער יאָר פון 19טן יאָרהונדערט) פון מרדכי קאָסאָווער, געדרוקט אין „ייוו״א־בלעטער״, 1939, זייטן 424—405.

4. זע משה מאָנטעפיאָרע: DIARIES, צווייטע טייל.

„מקוה ישראל" דורך קאַרל נעטער, אין יאָר 1870, איז געווען אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער נייער ווענדונג אַריינצוברענגען מער פּראָדוקטיווע עלעמענטן אין יידישן לעבן.

ס'איז אויך אינטערעסאַנט צו דערמאָנען דעם פאַל פון ר' עקיבא יוסף שלעזינגער, אַן אָרטאָדאָקסישער אונגאַרישער ייד, פון די סאַמע איינפלוסרייכסטע פּערזענלעכקייטן אין דער אַלטער אונגאַרישער קהילה, וועלכער האָט געהאַט דעם מוט אין די 70ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט אַרויסצוטרעטן מיט אַ פאָדערונג איינצופירן פּראָדוקטיוויזאַציע צווישן די יידן און גלייכצייטיק געפאָדערט אָפּצושאַפן די חלוקה, אויפהערן מיטן בעטלברויט פאַר די יידן אין א"י. פאַר דעם מוט האָט ער באַצאָלט אַ גרויסן פּרייז. די פאַנאַטיקער האָבן אים אַטאַ־קירט און באַדראָט זיין לעבן.[5] ווי מיר זעען, איז פּערזענלעכער טעראָר אַן אַלט מיטל וועלכן מיר טרעפן שוין אָן אין די פריערדיקע תקופות.

דאָס אַלץ איז אַ געוויסע הקדמה צום שטראָם יידן פון מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט נאָך דער כוואַליע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, זיך געלאָזט קיין ארץ ישראל. די דאָזיקע נייע עליה האָט אויך אויסגעפלאַסטערט אַ ברייטערע סטעזשקע פאַר אַ גייסטיק־קולטור לעבן, פּאַראַלעל צו דעם רעליגיעזן שטייגער וואָס האָט דאַן דאָמינירט אין ישוב. מען האָט אויך גענומען זוכן פאַרשיידענע אַנדערע קולטור־אויסדרוקן.

יעדער אשכנזישער ייד, וועלכער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, האָט זיך אַ חוץ אויף יידיש אָנגעשטויסן אויף נאָך דריי שפּראַכן: 1) אַראַביש, 2) טערקיש, וואָס איז געווען די שפּראַך פון דער רעגירונג און פון דער אַדמיניסטראַציע און 3) לאַ־דינאָ — די שפּראַך פון די ספרדישע יידן. דעריבער איז פאַר־

5. זע מ. קאַסאָווערס בוך: („פּאַלעסטינער יידיש" אין ענגליש), זייטן 70־69.

שטענדלעך, אַז אין דער יידישער שפּראַך פון די ניי־אָנגעקומענע זענען מיט דער צייט אַריינגעדרונגען ווערטער און אויסדרוקן פון אַראַביש, פון טערקיש און פון לאַדינאָ. נישט דאָ איז דאָס אָרט צו באַרירן דעם גאַנץ אינטערעסאַנטן פּראָבלעם, וועלכן מ. קאַסאָוווער האָט געווידמעט אַן אויספירלעכע פאָרשונג.

כדי צו באַקומען אַ וואָסער עס איז בילד ווי ס׳האָט אויסגעזען מיט דער יידישער שפּראַך אין די 70ער און 80ער יאָרן אין פאָריקן יאָרהונדערט אין ארץ ישראל, האַלטן מיר פאַר פּאַסיק דאָ צו ברענגען אויסצוגן פון די זכרונות פון אברהם פרומקין (געבוירן אין ירושלים 1873, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק 1940) אין וועלכע ער שרייבט, אַז אין די 70ער יאָרן האָט מען ביי זיי אין שטוב גערעדט אַ פּליסיקן זאַפטיקן יידיש. העברעיש האָט מען גענוצט פאַר רעליגיעזע הצטרכותן, אָדער ווען מען פלעגט רעדן מיט אַ ספרדישן ייד און מען האָט נישט געקענט קיין לאַדינאָ. זיין פאָטער, ישראל דב פרומקין, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד, איז געווען אַ תלמיד חכם און געקענט פולשטענדיק עברית און יידיש, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן העברעישע און יידישע אויסגאַ־בעס. די דאָזיקע משפחה איז זיכער געווען פון די אָנגע־זעענסטע אין דער אשכנזישער קהילה און האָט נישט ווייניק געווירקט אויפצוהאַלטן און צו שטאַרקן די העברעישע און יידישע שפּראַך און קולטור אין לאַנד.

סוף 19טן און אָנהייב 20טן יאָרהונדערט האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט דער דרשנים־נוסח אין אַ געטאָקטן און מליצישן יידיש און ער האָט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון די יידישע מאַסן. די דרשנים פלעגן אַרויסטרעטן נישט נאָר אין שולן, נאָר האָבן אויסגענוצט יעדן פּלאַץ און יעדע געלעגנהייט צו אַנטפּלעקן זייער אָראַטאָרישן טאַלאַנט. פאַראַן ביכער זכרו־נות פון די בעלי דרשנים, וואָס זאָגן עדות אַז דאָס איז אין

אַ געוויסער מאָס געווען אַ קולטור־אויסדרוק פון דער יידישער שפּראַך אין יענער תקופה.

אמת איז, אַז די יידישע אויסגאַבעס, פּובליקאַציעס און ביכער זענען צאָלמעסיק געווען פיל קלענער אין פאַרגלייך מיט דער צאָל העברעישע אויסגאַבעס אין יענער תקופה. ס'וועט אָבער זיין אַן אומרעכט זיי נישט צו דערמאָנען. ס'זענען געווען געציילטע אַרבעטן.[6] ס'פעלט טאַקע אַן ערנסטע פאָרשונג אויף דעם געביט, אָבער אויך פון דעם ביסל וואָס עקזיסטירט יאָ קען מען זיך שאַפן אַ גענוג קלאָר בילד פון דעם פּלאַץ וואָס יידיש האָט פאַרנומען אין אַלטן ישוב.

## די יידישע פּרעסע אין אַלטן ישוב

די געציילטע יידישע צייטשריפטן וואָס זענען דערשינען אין מיטן די 70ער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, שפּיגלען אַן ספק אָפּ, אין אַ גרויסער מאָס, דאָס יידישע לעבן און טיילווייז אויך דעם קולטור־אויסזען פון דער תקופה. די טעמע איז אויך מער באַשריבן געוואָרן, ווי די אַנדערע געביטן, פון עטלעכע ערנסטע פאָרשערס.[7] מיר וועלן דאָ דערמאָנען אייניקע פון די וויכטיקסטע צייטשריפטן.

---

6. מ. קאָסאָווער: „צו דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור אין ארץ ישראל", זאַמלבוך „ווייטער" 1935, תל־אביב.

7. מיר ווילן דאָ אָנגעבן די הויפּטקוואַלן ווו מען קען געפינען אויספירלעכע באַשרייבונגען פון דער יידישער פּרעסע אין יענער תקופה:
   א) מנשה אונגער „ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פּרעסע אין ארץ ישראל", זע זאַמלבוך לכבוד דעם 250 יובל פון דער יידישער פּרעסע, רעדאַגירט פון י. שאַצקי, ניו־יאָרק 1937, זייטן 136—174.
   ב) מ. קאָסאָווער: „דער ארץ ישראל ייד", ייוו"א־בלעטער, ניו־יאָרק, זייטן 212—232.
   ג) מ. קאָסאָווער: „החבצלת — די ראָזע", באַנד 2, תל־אביב, זייטן 126—212.
   ד) „עתונות יידיש" בארץ ישראל", אריה ל. פּילובסקי, פּאַרלאַג — הוצאת בן צבי, ירושלים, „קתדרה", מספּ' 10, זייטן 72—101.

דער רוב צייטשריפטן אין אַלטן אשכנזישן ישוב איז ארץ ישראל זענען דערשינען אַלס פּועל יוצא פון דער השכלה־באַוועגונג וואָס האָט אָנגעהייבן אַריינצודרינגען אויך אין ארץ ישראלדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין דעם שטרענג־אָרטאָ־דאָקסישן שטייגער וואָס האָט געהערשט אינעם ישוב איז דאָס אַריינדרינגען פון דער השכלה געווען אַ זייער פּאַמעלעכס, אַזוי אויך די שטערבונגען אַריינצוברענגען ענדערונגען אין דעם פּאַרגליווערטן סיסטעם פון דער פירונג פון דער אשכנזישער קהילה.

פון צווישן די מער אָנגעזעענע משכילים האָבן זיך אויס־געצייכנט: יחיאל מיכל פּינעס, יואל משה סאַלאָמאָן (וועל־כער איז אויך געווען צווישן די גרינדערס פון פּתח־תקוה), דער ארץ ישראל־פאָרשער אברהם משה לונץ א. אַנד. מען דאַרף דאָ אויך צוגעבן, אַז דאָס דערשיינען פון די משכילים איז נישט אויפגענומען געוואָרן מיט קיין וואַרעמקייט, נאָר פאַר־קערט, מיט פיינטשאַפט מצד דעם רוב פון דער אָרטאָדאָקסישער מחנה. מען דאַרף דאָ דערמאָנען דעם שאַרפן סכסוך צווישן דעם משכיל יחיאל־מיכל פּינעס און דעם בריסקער רב הערש לייב דיסקין. דער בריסקער רב האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פון אַריינלייגן אין חרם פּינעסן און אַנדערע משכילים, ווייל זיי האָבן געהאַט זייער אייגענעם גאַנג און צוגאַנג צו פראַגן פון יידישן לעבן.

פון דעם איז צו דרינגען, אַז אין יענע צייטן, אין די 70ער יאָרן פונעם פ. י. האָט מען געדאַרפט האָבן אַ סך מוט און דרייסטקייט, כדי אַרויסצוגעבן אַ משכילישע צייטשריפט אין העברעיש און על אחת כמה וכמה אין יידיש. די דעמאָלטיקע משכילים האָבן אַרויסגעגעבן יידישע צייטשריפטן אויך דער־פאַר, ווייל דאָס איז געווען איינער פון די ווירקזאַמסטע אינ־סטרומענטן צוצוקומען צו די יידישע מאַסן פון דער אַשכנזי־שער קהילה, וואָס האָבן פאַרשטאַנען נאָר יידיש און נאָר

אין דער שפּראַך האָט מען זיי געקענט אויפקלערן די פּראָב־לעמען וואָס זענען אויפגעשוווּמען איז זייער טאָג־טעגלעכן לעבן.

די ערשטע צייטשריפט אין יידיש האָט געהייסן „שערי ציון". זי איז דערשינען כ"ה אייר תרל"ו (19טן מאַי 1876). די רעדאַקטאָרן זענען געווען יצחק גשציינני און חיים פּרעס. די צייטונג פלעגט דערשיינען נישט רעגלמעסיק און ס'זענען דערשינען נאָר 19 נומערן. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דאָס לייט־אַרטיקל מיט די מאָטיוון וועלכע האָבן באַוויגן אַרויס־צוגעבן אין יידיש די „שערי ציון": „...דאָס זעלבע איז מיט דעם הייליקן לאַנד. פיל לייט העטיין גערין אונז העלפן אָבער זייא ווייסן ניט מיט וואָס, יעדער זאָגט זיינע געדאַנקען און מיר זענען נאָך ניט געהאָלפן געוואָרן. אשר ע"כ האָבן מיר זיך מעורר געווען אַרויס צוא געבין איין בלאַט. ער וועט פאַראייניגין די אַלטע דעות און וועט איינזאַמלען די בעסטע רפואות פון די גרעסטע דאָקטוירים וואָס דער נסיון האָט זיי אויס געלערנט ווי צו היילין די פעהלערס פון דער הייליגן לאַנד".

פון דער הקדמה דרינגט אַרויס די כוונה פון די רעדאַק־טאָרן צו קומען מיט נייע מיטלען און וועגן כדי צו פאַר־בעסערן די מערכה פון דער אשכנזישער קהילה.

זייער כוונה איז אויך געווען צו קומען אין פאַרבינדונג מיט די יידן פון רוסלאַנד.

יידן אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער זענען געווען אַ גרויסער אָנשפּאַר פאַר די אַרויסגעבערס פון די יידישע און העברעישע צייטשריפטן. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז דער אָפּ־קלאַנג פון די יידישע צייטשריפטן און די שטיצע פאַר זיי איז געווען אַ שוואַכע און האָט נישט באַרעכטיקט די גרויסע האָפענונגען וואָס די אַרויסגעבערס האָבן געלייגט אויף די דאָזיקע יידן.

נאָכן דערשײַנען פון 19 נומערן איז די יידישע „שערי ציון" אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אַ קורצע צײַט שפּעטער האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אַ נײַע יידישע צײַטשריפט „די ראָזע". (דער פולער נאָמען איז געווען: „חבצלת — די ראָזע", אַ יידישער פאַמיליע בלאַט פאַר אַלע אוהדי ציון וירושלים). לויט דער מיטטיילונג וועט די צײַטשריפט דערשײַנען צוויי מאָל אין חודש. זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך ישראל דב פרומקין און מיכל הכהן. דער ערשטער נומער איז דערשינען ב' אייר תרל"ז (16 אַפּריל 1877). ס'איז געווען אַ פּלוגתא וועגן דער צאָל אַרויסגעגעבענע נומערן, אָבער די מער אויטאָריטעטע מיינונג איז אַז עס זענען דערשינען 2 נומערן. אין דער הקדמה פון „די ראָזע" איז פאַראַן כמעט די זעלבע מאָטיווירונג וואָס מיר געפינען אין „שערי ציון", דאָס הייסט: אַז די פאָלקסמאַסן וועלן בעסער פאַרשטיין ווען מען וועט שרייבן אין יידיש וועגן דעם וואָס עס קומט פאַר אין ישוב.

דריי יאָר שפּעטער ווערט אַרויסגעגעבן אַ נײַע וואָכנשריפט: „דער ארץ ישראל יוד", ווי אַ בײַלאַגע צו דער העברעישער וואָכנצײַטונג „הצבי". די רעדאַקטאָרן זענען שלמה אפשטיין און שמואל ראפאלוביטש (רפאלי). זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּראָספּעקט פאַרן דערשײַנען פון דעם ערשטן נומער פון דער צײַטונג. זייער אינטערעסאַנט איז די מאָטיוואַציע וואָס ווערט דאָרט געבראַכט: „... מיר וויללען דאָ ניט מאריך זיין צופיעל מחבב זיין די זשאַרגאָנישע שפּראַך באַ אחב"י (אחינו בני ישראל) דאָס זיי זאָללען אויפהערן צו קוקען אויף איר ווי אויף אַני־אַלטע באָבעצע וואָס האָט שוין קיין כח ניט זיך אַליין צו דערשלעפּן, און זייא אויסווייזן בחוש ווי פאַלש זייער מיינונג איז איבער איהר, ווי נויטיג פאַר אונז יודען..."

דער פּראָספּעקט ווי אויך די צײַטונג אַליין „דער ארץ

ישראל יוד", האָבן אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט און אין „המליץ" וואָס אז דעמאָלט דערשינען אין רוסלאַנד, האָט זיין רעדאַקטאָר צעדערבוים, רעאַגירט קעגנעריש צו דער דער־שיינונג פון דעם וואָכנבלאַט אין יידיש. ס'האָט זיך דאַן געפירט אַ לענגערע פּאָלעמיק צווישן „המליץ" און „דער ארץ ישראל יוד". די רעדאַקטאָרן האָבן נישט נאָכגעגעבן און ס'זענען דערשינען 8 נומערן פון אָט דער וואָכנשריפט.

אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער העברעישער צייטשריפט „הצבי" איז געווען אליעזר בן־יהודה. דער דאָזיקער פלאַמענדיקער קעמפער פאַר אַריינפירן העב־רעיש אין ארץ ישראל האָט געוווסט וועגן דעם דערשיינען פון „דער ארץ ישראל יוד" אַלס ביילאַגע צו „הצבי" (דער מאָטיוו איז — ווייל עס איז געווען שווער צו באַקומען אַ זעלבסטשטענדיקע דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט) און ער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט.

דער ערשטער נומער פון „דער ארץ ישראל יוד" איז דערשינען ב' באייר תר"ן (2טער מאַי 1890) און ווי שוין געזאָגט, זענען דערשינען 8 נומערן.

לויט דער מאָטיוואַציע פון אירע אַרויסגעבערס איז די צייטשריפט געווען ענלעך צו די פריערדיקע פובליקאַציעס. זי האָט אָבער פאַרמאָגט אייניקע אייגנאַרטיקע נייעסן. זי האָט איינגעפירט אַ לעבהאַפטע רובריק: בריוו אין רעדאַקציע, אונטערגעשריבן מיט פיקטיווע נעמען פון לייענערס, וועלכע האָבן באַהאַנדלט פאַרשידענע פראַגן פון ישוב. די בריוו זענען געשריבן געוואָרן אין אַ בעסערער יידישער שפּראַך. אין דער רובריק ווערט וועגן פאַרשידענע ענינים זיך אַרויסגעזאָגט מיט אַ בייסיקער קריטיק, ס'ווערן אַרויסגערוקט פאַרשידענע פאָ־דערונגען און פאָרשלאַגן וועגן ענדערונגען. פון צייט צו צייט געפינען מיר אויך אין „דער ארץ ישראל יוד" אַ דערציילונג. די כוונה פון דעם אין זיכער געווען זיך צו דערנענטערן צום

בעסערן לייענער. היינט איז פאַרשטענדלך און נאַטירלעך, אַז אַ צייטשריפט זאָל פאַרעפנטלעכן מודעות. אין יענער צייט איז עס אין דער יידישער פרעסע געווען אַ נייס. אין „דער ארץ ישראל יוד" געפינען מיר די ערשטע מודעות.

2 יאָר נאָך דעם ווי עס הערט אויף צו דערשיינען „דער ארץ ישראל יוד", הויבט אָן צו דערשיינען אין ירושלים אַ נייע צוויי־וועכנטלעכע צייטשריפט „בית יעקב". דער ערשטער נומער איז דערשינען ג' אייר תרנ"ב, ס'זענען דערשינען 24 נומערן. „בית יעקב" דערשיינט אויך אַלס ביילאַגע צום „הצבי" און ווערט אַרויסגעגעבן און רעדאַגירט דורך ר' חיים און יצחק הירשנזון און כדי צו געבן מער קאָלאָריט דער צייט־שריפט ווערט אָנגעגעבן, אַז דאָס איז אַ צייטונג אויך פאַר פרויען.

ס'איז וויכטיק צו באַמערקן אַז אין „בית יעקב" געפינען מיר אָפט מאַטעריאַל וועגן דער אויפלעבונג פון עברית אין יידישן ישוב און גלייכצייטיק פראָפּאַגאַנדירט מען אין איר חיבת ציון און מען שטיצט דעם געדאַנק פון יידישער נאַציאָ־נאַלער אויפלעבונג. אין דער הינזיכט האָט „בית יעקב" אַ באַזונדערן קאָלאָריט אין דער דעמאָלטיקער יידישער פרעסע.

אין די יאָרן תרנ"ג און תרנ"ו איז דערשינען אין יידיש „דער קאָלאָניסט", פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע ענינים, אונטער דער רעדאַקציע פון מנשה מייעראָוויטש און אברהם משה לונץ. פון דער צייטשריפט זענען דערשינען 16 נומערן אין וועלכע עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ ישראל.

די מערהייט יידישע צייטשריפטן אין די 70ער—80ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, זענען געווען משכילישע. טראָץ זייער איינגעהאַלטענעם טאָן האָבן זיי אויסגעפילט אַ וויכ־

טיקע אויפקלערעישע און פראָפּאַגאַנדיסטישע ראָל צווישן די יידן אין אַלטן ישוב.

## אָנהייב פון פּאָליטישן קאַמף פאַר יידיש אין ארץ־ישראל

דער כסדר וואַקסנדיקער שטראָם פון אונדזער רענעסאַנס־באַוועגונג און די ערשטע עטאַפּן פון דער צווייטער עליה האָבן אַוועקגעשטעלט דעם ענין יידיש אין ארץ ישראל ווי אַ צענט־ראַלע פראַגע וואָס האָט באַשעפטיקט די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע כוחות פון ישוב. אין משך פון אַ לענגערער תקופה האָט מען פון איין זייט געשטערט און אַטאַקירט יעדע אַנט־וויקלונג פון יידיש אין לאַנד און פון דער אַנדערער זייט זענען געווען פאַקטאָרן וועלכע האָבן געזוכט אַ קאָעקזיסטענץ צווישן עברית און יידיש.

דאָס אַרוסגעבן אין יאָר 1907, אין יפו, דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון פועלי־ציון אין יידיש, „דער אָנפאַנג", איז געווען אַ וויכטיק געשעעניש אין דער פּאַרטיי.

אַן אויספירלעכע פאָרשטעלונג פון דער תקופה גיט אונדז דער פאָרשער אריה פּילאָווסקי.[8] די פיבערהאַפטע רעאַקציע, וואָס איז געקומען מיטן דערשיינען פון „דער אָנפאַנג", איז געווען נישט בלויז אַ פּראָדוקט פון ארץ ישראל, נאָר זי איז מיטגעבראַכט געוואָרן פון מזרח־אייראָפּע.

אין דער אַטאַקע קעגן „דער אָנפאַנג" האָט מען געקענט פילן די שפורן פון דער אידעאָלאָגישער דעבאַטע, וועלכע איז געפירט געוואָרן אין די גלות־לענדער. די דעבאַטירנדיקע צדדים האָבן געפּרוּווט באַרירן די יסודותדיקע פראַגן פון דער עצם

8. „יידיש וספרותה בארץ ישראל" (1907—1948), דאָקטאָראַט־אַרבעט, ירושלים, כ"ט ניסן תש"ט (1980) זייטן 8—15.

באַפרייונג־באַוועגונג אָנווייזנדיק אַז די פאָדערונג פון פריאָרי־טעט פאַר עברית איז ענג געבונדן מיט דער טעזע אַז דאָס יידישע לאַנד ארץ ישראל און די העברעישע שפּראַך גייען צוזאַמען און גיבן די גאַראַנטיע, אַז ס׳וועט אונדז געלינגען צו רעאַליזירן דעם גרויסן אידעאַל פון אונדזער באַנייט לעבן. דאָס פאַרבינדן די שפּראַכן־פראַגע מיט אונדזער נאַציאָנאַלן באַפרייונגס־קאַמף האָט געגעבן דעם פּאָליטיש־קולטורעלן סכסוך אַרום דער שפּראַך אַ נייעם ליידנשאַפטלעכן פאַרנעם.

געטראָגן פון ריין אידעאָלאָגישער מאָטיוואַציע האָבן צע־בושעוועטע עלעמענטן גענומען נוצן אין דעם קאַמף אויך גענוואַלד־מיטלען. דאָס האָט זיכער נישט דערמוטיקט די, וועלכע האָבן געזוכט אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די צדדים.

צום אַלעם ערשטן ווילן מיר ברענגען עטלעכע טרוקענע פאַקטן: אין תמוז תרס״ז (1907) איז דערשינען אין יפו „דער אָנפאַנג״, דער אָרגאַן פון דער יידישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פאַרטיי אין פלשתינא (פּועלי־ציון). דער ער־שטער נומער, וואָס איז רעדאַקטירט געוואָרן פון יצחק בן־צבי, האָט געציילט 16 זייטן און אַנטהאַלטן בעיקר פּאָלי־טישן מאַטעריאַל. אויף דער צייטונג איז אָנגעגעבן געוואָרן (צוליב צענזור־טעמים) אַז זי איז דערשינען אין אַלעקסאַנד־ריע פון מצרים. אין חודש אב תרס״ז (1907) איז דערשינען דער צווייטער נומער. דאָס מאָל בלויז 12 זייטן. דעם דריטן נומער האָט מען צוגעגרייט, אָבער ער איז שוין נישט דער־שינען, צוליב דער שאַרפער פּאָלעמיק וואָס דער זשורנאַל האָט אַרויסגערופן. די אַטאַקעס זענען געקומען בעיקר מצד דעם „הפועל הצעיר״, וועמענס הויפּטציל איז געווען צו טרעפן די „פּועלי ציון״, די פּאָליטישע פאַרטיי, וועלכע וויל מוותר זיין אויף העברעיש אַלס די שפּראַך פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין א״י, וואָס דאָס איז געווען אין פולשטענדיקער סתירה צו די אידעאָלאָגישע יסודות פון דער באַוועגונג. מען מוז צוגעבן

אַז דער שפּראַכן־קאָנפליקט איז נישט געווען באַגרענעצט צו די צוויי דערמאָנטע קעגנערישע פּאָליטישע פּאַרטייען „פּועלי־ציון" און „הפּועל הצעיר". ער האָט אויך עקזיסטירט צווישן די פּועלי־ציון גופא, ווו בן־גוריון מיט זיינע אָנהענגערס זענען אַרויס מיט שווערע אַטאַקעס קעגן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „דער אָנפאַנג" אין יידיש. יצחק בן־צבי איז אין אָנהייב געווען שטייף אין זיין אַרגומענטירן, אַז „דער אָנפאַנג" איז אַ נויט־ווענדיקייט, ווייל דער רוב מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אין א"י פאַרשטייען נישט קיין העברעיש און כדי דורכצופירן אַן ערנסטע פּאָליטישע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן זיי, דאַרף מען זי מאַכן אין אַ שפּראַך וואָס איז פאַר זיי פאַרשטענדלעך. אגב דאַרף מען צוגעבן אַז דער דאָזיקער אינערלעכער סכסוך אין „פּועלי ציון" איז געווען אַנטשיידענער ביים שליסן „דער אָנפאַנג", ווי די אַטאַקעס וואָס זענען געקומען פון דרויסן...

די דעבאַטע אַרום „דער אָנפאַנג" האָט זיך פון ארץ ישראל אַריבערגעטראָגן אויך אין די גרויסע יידישע קיבוצים אין מזרח־אייראָפּע און אַמעריקע. מיר וועלן נישט ברענגען קיין דיסקוסיעס אין די ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטייען, די אַנ־צאָליקע רעזאָלוציעס וועגן דעם מעמד פון יידיש אין ארץ ישראל, אָבער מען קען נישט און מען טאָר נישט איגנאָרירן די דאָזיקע דיסקוסיעס. ס'וואָלט געווען וויכטיק צו ברענגען כאָטש אייניקע פון די מאָטיוון פון דעם „הפּועל הצעיר", וועלכער איז געווען דער פאָנען־טרעגער פון די אַטאַקעס קעגן די יידיש־אָנהענגערס. אָט זענען די מיינונגען פון צוויי וואָרט־זאָגערס אהרן טורקעניץ און יוסף אהרונוביץ, אויף די שפּאַלטן פון „הפּועל הצעיר". א. טורקעניץ באַשולדיקט די „פּועלי ציון" אַז זיי גראָבן אונטער דעם עיקר־יסוד פון אָנערקענען עברית אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך אין יידישן ישוב. עס פילט זיך אין זיין גאַנצער פּאַלעמיק אַ טענדענץ פאַרצושטעלן די „פּועלי ציון" ווי נישט געטרייע צו עברית. דאָס איז געווען אין יענער

צייט אַ שווערע באַשולדיקונג. פאַרשטייט זיך אַז זיין אַרגו־מענטאַציע איז באַזירט אויף דעם דערשיינען פון „דער אָנ־פאַנג". אין אַ שפּעטערדיקער תקופה האָט יוסף אהרונוביץ[9] איינער פון די צענטראַלע פיגורן פון „הפּועל הצעיר" און פון זיינע אידעאָלאָגן, נאָך שאַרפער אַטאַקירט די „פּועלי ציון" דערפאַר ווייל זיי שטעלן אין שאָטן דעם מעמד פון עברית און צעשטערן די יסודות פון דער געזעלשאַפט וואָס דאַרף אַנטשטיין אין ארץ ישראל. ער האָט געשריבן וועגן דער סכנה פון „זשאַרגאָן" אין א"י און וועגן דעם אַז עברית איז די שפּראַך וואָס קען פאַראייניקן אַלע עדות פון יידישן פאָלק און איז דער יסוד פון אונדזער היסטאָרישער פאַרבינדונג מיט ארץ ישראל.

אין זיין אַרגומענטאַציע ווייזט יוסף אַהרונוביץ אויך אָן אויפן פאַקט, אַז די יידיש־רעדנדיקע זענען — אַזוי ווי די וויר־קלעכקייט האָט דעמאָלט אויסגעזען — אין די טויזנטער, בעת עברית־רעדנדיקע נאָר אין די הונדערטער. דאָ ליגט, לויט אים, די געפאַר פאַר עברית און אויב ס'וועלן זיך נישט גע־פינען קיין איבערגעגעבענע אידעאַליסטן פאַר עברית — איז דער קאַמף אַ פאַרשפּילטער, ווייל די גרעסערע עליות פון די יידיש־רעדנדיקע פון מזרח־אייראָפּע קענען פאַראַליזירן דעם פּראָצעס פון איינבירגערן עברית אין נייעם ישוב.

די „הפּועל הצעיר"־שטעלונג צו יידיש איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם רוב געשריבענע אַרטיקלען, ווי אויך אין די פּאָליטישע דעבאַטן אין דער באַוועגונג.

ס'איז אויסטערליש וואָס פון איין זייט איז דער „הפּועל הצעיר" געווען קאַטעגאָריש קעגן יידיש און פון דער צווייטער זייט האָט מען אויף אייניקע פון זייערע פאַרזאַמלונגען דאָך גערעדט יידיש און דאָס האָט זיי נישט געשטערט צו באַנוצן

9. „הפּועל הצעיר", דער מאמר פון יוסף אהרונוביץ, תרע"ד, נומער 38.

זיך מיט יידיש כדי אויפצוקלערן זייערע שטאַנדפּונקטן. ווען מען האָט אין יענער צייט געפרעגט דעם שרייבער שלמה צמח,[10] דעם באַקאַנטן עסייאיסט, ליטעראַטור־קריטיקער און זייער פעיקן אַגראָנאָם, וואָס איז געשטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט פון „הפועל הצעיר", ווי קומט עס, אַז אויף זייערע פאַרזאַמלונגען און אַפילו פאַרטיי־קאָנפערענצן רעדט מען אויך יידיש, האָט צמח דערויף געענטפערט: „דאָס וואָס עס איז דערלויבט דעם „הפועל הצעיר" איז נישט דערלויבט די „פועלי ציון". דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז דער „הפועל הצעיר" איז באַוווּסט מיט זיין פּאָזיטיווער שטעלונג צו עברית, דאַקעגן די „פועלי ציון" שטייען אין דער הינזיכט אונטער אַ חשד.

פאַראַן נאָך אַ קוריאָז, וואָס ווייזט אָן אויף די זיגזאַגן לגבי דעם יידיש־מצב פון אייניקע פירנדיקע מענטשן פון „הפועל הצעיר". ס'איז באַקאַנט אַז אין מאַי 1909, אין סאַמע ברען פון דער שאַרפער קאַמפּאַניע וואָס „הפועל הצעיר" האָט געפירט קעגן יידיש אין א"י, האָט דער פאַרלעגער שלמה ישראל שיריזלי, אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיין צייטשריפט „דער פרדס", אין ירושלים. קעגן דעם „פרדס" וואָס איז דערשינען אין יידיש, האָט זיך אָנגעהייבן אַ געוואַלדיקע אַטאַקע. ס'איז פון אָנהייב אָן געשטאַנען די פראַגע ווער עס רעדאַגירט די צייטונג. אַלע האָבן געוווּסט אַז דעם אַרויסגעבער שלמה ישראל שיריזלי פעלן די קענטעניש צו רעדאַגירן אַ יידישע צייטונג. נאָך אַ שטיקל צייט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, דורך אַ מיטטיילונג פון ש. י. שיריזלי, אַז דער פאַק־

---

10. שלמה צמח, דער פירער פון „הפועל הצעיר", האָט גערן רעדאגירט אַ סעריע בראָשורן אין יידיש אין די יאָרן 1949־1950 בעת דער מאַסן־עליה און מסביר געווען די וויכטיקייט פון דער התישבות און דאָס בויען מושבי־עולים. מיר איז אויסגעקומען מיט אים מיטאַרבעטן אויף דעם געביט, ער האָט עס געטאָן מיט גרויס התלהבות און איבערגעגעבנקייט.

טישער רעדאַקטאָר פון „דער פרדס" איז געווען יצחק לופבאַן, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „הפועל הצעיר". ער אַליין איז געווען איינער פון די פיינסטע פּובליציסטן אין דער העברעישער פּעריאָדיק און פון די אָנגעזעענע טוערס פון „הפועל הצעיר". דער פאַקט וואַרפט אַ באַזונדער ליכט אויף דער לאַגע פון יידיש אין פאַרשידענע קרייזן, אויך קעגנערישע, צו דער שפּראַך, וועלכע האָבן אָבער געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר יידיש.

דער מעמד פון יידיש אין ארץ ישראל האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן. געווען קעגנערישע שטעלונגען אָבער אויך פּרווון צו באַרעכטיקן די ראָל וואָס יידיש האָט אין משך פון דורות געשפּילט אין יידישן פאָלק. אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו יידיש האָט געהאַט דער נאַציאָנאַלער דיכטער ח. נ. ביאַליק, וועגן וועלכן מיר וועלן ווייטער רעדן אויספירלעכער.

דער שפּראַכנקאַמף, וואָס האָט אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט אַרומגענומען די פּאָליטישע פּאַרטייען, האָט זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף די העברעישע ליטעראַרישע קרייזן. ס'האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן די קעגנערשאַפט צו יידיש און מיט דער קאָנצענטראַציע פון אַ באַדייטנדיקער גרופּע פּראָמינענטע העברעישע שרייבערס האָט דער ריב הלשונות אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ צענטראַלן פּלאַץ אין לעבן פון ישוב. אויסער דער העברעישער ליטעראַרישער גרופּע וואָס איז געווען קעגן יידיש איז אַנטשטאַנען די קעמפערישע פאַרמאַציע פון פאַרטיידיקערס פון עברית א. נ. „גדוד מגיני השפה". כאָטש די הויפּטשאַפערס פון דער יידישער ליטעראַטור זענען דעמאָלט נישט געווען אין א"י נאָר אין חוץ לארץ, קען מען נישט זאָגן, אַז דער קאַמף אַרום יידיש האָט נישט געפונען ביי זיי קיין אָפּקלאַנג. זיי האָבן פאַרשטענדלעך דעם

יידיש־צד אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און גרייטקייט צו העלפן.
די שטעלונג איז בולט געקומען צום אויסדרוק אין יאָר 1927, אויף אַ קבלת־פּנים, איינגעאָרדנט אין תל־אביב לכבוד די יידישע שרייבערס שלום אַש און פּרץ הירשביין.[11]

ח. נ. ביאַליק האָט פּרעזידירט די מסיבה און די הויפּט־כוונה זיינע איז געווען צו לינדערן דעם שפּראַכנקאַמף. ביאַליק איז געווען דער לעצטער פון די רעדנערס. ער האָט באַמערקט, אַז העברעיש און יידיש זענען אַ זיווג פון הימל, געגליכן צו רות און נעמי און האָט באַטאָנט אַז די וויכטיקייט פון יידיש שטאַמט פון העברעיש. ער האָט אויך אונטערגעשטראָכן די גרויסע ווערטן פון דער יידיש־יצירה.

די רעדנערס פאַר ביאַליקן האָבן פיל צוגעגעבן אין אָפּ־שאַצן די באַציונגען צווישן יידיש און עברית. דער דיכטער יעקב פיכמאַן, דער סובטעלער ליריקער, האָט באַטאָנט אַז די פירנדיקע העברעישע שרייבערס אין א״י דאַרפן מיטהעלפן צו געפינען אַ פאַרשטענדעניש צווישן די צוויי קולטורן וועלכע זענען צווייגן פון זעלבן דעמב און קענען קעגנזייטיק משפיע זיין איינע אויף דער אַנדערער.

בערל כצנלסון, דער גייסטיקער טריבון פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, האָט געזאָגט אַז ער זעט אין דער מסיבה די ווידער־באַגעגעניש פון פריידשאַפערס, וועלכע וועלן נאָך אַ לאַנגער תקופה באַנייען די פריערדיקע באַציונ־גען. מען באַגעגנט זיך ווידער אויפן זעלבן פלאַץ.

אורי צבי גרינבערג האָט גערעדט מיט התלהבות וועגן די שעפערס אין יידיש וועלכע דריקט זיך אויס אין דעם העברעישן אות און אַז אַלץ פירט צו ירושלים.

ביידע שרייבער־געסט, שלום אַש און פּרץ הירשביין, האָבן פּאָזיטיוו זיך אויסגעדריקט וועגן דער סימבאָלישער באַגע־

11. אריה ל. פּילאָווסקי, דאָרט, זייטן 97—114.

גניש. די צווייּשפּראַכיקייט איז ענלעך צו צווילינג־ברידער. שלום אַש האָט באַטאָנט, אַז נישט דער שפּראַכנקאַמף שטייט אין צענטער פון יידישן לעבן, נאָר די אַסימילאַציע וועלכע פרעסט אויף די בעסטע טיילן פון אונדזער נאַציאָנאַלן זיין.

אַזאַ מסיבה מיט אַזאַ פשרהדיקן טאָן פון זוכן אַ פאַר־שטענדיקונג אין דער סאַמער הייסער תקופה פון שפּראַכנ־קאַמף, האָט ביי די קנאים פון עברית אַרויסגערופן אַ שטור־מישע רעאַקציע. אין שפּיץ פון דעם קאַמף האָבן זיך געשטעלט די באַקאַנטע העברעישע שרייבערס אליעזר שטיינמאַן און אברהם שלאָנסקי, וועלכע זענען דעמאָלט געווען די רעדאַק־טאָרן פון „כתובים", די צענטראַלע אויסגאַבע פון די העברעישע שרייבערס, און זיי האָבן אַטאַקירט די אַרויסטריטן אויף דער דערמאָנטער מסיבה, נאָר בעיקר האָבן זיי געצילט אַרונטער־צורייסן דעם גרויסן פרעסטיזש פון ח. נ. ביאַליק און אָפּ־פרעגן זיין רעכט צו ברענגען פאַרן היגן עולם אויסדרוקן פון פאַרשטענדיקונג מיט יידיש־שרייבערס. די רעדאַקציע „כתו־בים" האָבן געווידמעט דער קליינער מסיבה צוויי פולע זייטן מיט 5 שטאַרק פּראָוואָצירנדיקע אַרטיקלען, וואָס האָבן גע־דינט ווי אייל אויפן פייער פון דער שפּראַכן־שנאה. די שאַרפע אַטאַקע האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט אַרטיקלען פון די שרייבערס, נאָר די קנאים־גרופּע „גדוד מגיני השפה" האָט איינגעאָרדנט אַ מיטינג, כדי אַרונטערצורייסן דעם פרעס־טיזש פון די אַלע וועלכע האָבן געזוכט אַ פשרה מיט דער יידישוועלט. דאָ איז געשען דאָס פאַרקערטע. צום מיטינג זענען טאַקע געקומען פיל מענטשן, די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן געפייערט קעגן דער איינגעאָרדנטער מסיבה לכבוד ש. אַש און פ. הירשביין און האָבן געטענהט אַז ביאַליק האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו דערקלערן דאָס, וואָס ער האָט דער־קלערט וועגן יידיש. די קאָנצענטרירטע אַטאַקע קעגן ביאַליקן האָט אָבער אויפגעבראַכט דעם פאַרזאַמלטן עולם וואָס האָט

נישט משלים געווען מיט די היצקעפּ וועלכע האָבן געפֿירט צו אַ פּלאַמיקער שנאת אחים. אויף דעם מיטינג איז אויס־געבראָכן אַ שווערער קאָנפֿליקט צווישן דעם קנאי ד״ר בוג־ראַשאָוו און אורי צבי גרינבערג. אין דער דעבאַטע האָט אינטערווענירט בערל כצנלסון, וועלכער האָט געשטעמפּלט די דעמאַגאָגיע פֿון די וואָס ווילן שטיצן עברית דורך שנאה און קינאה וואָס ברענגען נאָר חורבן. די גרויסע פֿאַרזאַמלונג האָט אָפּגעוואָרפֿן די עקסטרעמע פֿאָרשלאָגן פֿון דעם „גדוד מגיני השׂפה״ און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע וואָס ס׳האָט צוגעשטעלט ב. כצנלסון, וועלכע טאַדלט דאָס נוצן געוואַלד־מיטלען אין קאַמף פֿאַר עברית און וואָס דריקט אויס גלייכצייטיק ח. נ. ביאַליקן אָנערקענונג דערפֿאַר וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן די מידה פֿון הכנסת־אורחים אויף דער מסיבה לכבוד ש. אַשן און פּרץ הירשביינען.

מיר קאָנען נישט אַריינגיין אין פֿיל אינטערעסאַנטע פּר־טים וועגן דעם סכסוך אַרום דער מסיבה, אָבער די רעזול־טאַטן זענען געווען דערמוטיקנדיקע. מ׳האָט געפּרוווט אָפּ־שטעלן אָדער פֿאַרקלענערן די שנאת אחים אויפֿן פֿעלד פֿון דער שפּראַכן־פֿראַגע. דעם קאַמף וואָס ס׳האָבן אָנגעהויבן א. שטיינמאַן און א. שלאָנסקי האָט זיי נישט צוגעגעבן קיין פּרעסטיזש. אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אין סאַמע ברען פֿון דעם שפּראַכנקאַמף און די אַטאַקעס קעגן ח. נ. ביאַליק האָט א. שטיינמאַן ממשיך געווען צו שרייבן אין יידיש זיינע קאָרעספּאָנדענצן פֿאַר דער וואַרשעווער טאָגצייטונג „דער מאָ־מענט״.[12]

ס׳איז כדאי בולטער אונטערצושטרייכן, אַז ש״י עגנון,

12. נאָך אַ לאַנגער תקופה האָט אליעזר שטיינמאַן פֿאַרעפֿנטלעכט אין תל־אביב אַ באַנד פֿון זיינע פֿיינסטע עסייען אין יידיש: „אינטים מיט דער וועלט״, פֿאַרלאַג „מנורה״, ת״א, 1971, און גערעדט אויך מיט פֿיל רעספּעקט וועגן דער יידיש־שאַפֿונג. מען קען זאָגן כמעט ווי אַ בעל תשובה.

ר' בנימין און דב קמחי האָבן עפנטלעך דערקלערט, אַז זיי זענען פול מיט פאַרוואונדערונג און צער (השתוממות וצער) וואָס שייך דעם אינהאַלט פון די 5 דערמאָנטע מאמרים קעגן דער מסיבה פאַר די יידיש־שרייבערס און קעגן ביאַליקן, מאמרים וואָס ברענגען נישט צו פאַרשטענדיקונג נאָר צעשפּ־ליטערן בלויז די שרייבערישע משפחה. אין דער זעלבער צייט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ ספּעציעלער קול־קורא געחת־מעט פון ח. נ. ביאַליק, י. פיכמאַן, ד״ר א. צפוני, ד״ר חיים הררי און פ. פישמאַן, מיטגלידער פון דעם העברעישן שרייבער־פאַראיין, אין וועלכן זיי ווייזן אָן אַז די רעדאַקטאָרן פון „כתובים״ זענען בייזוויליק אָנגעפאַלן אויף דער פירערשאַפט פון העברעישן שרייבער־פאַראיין און ס'איז צו פאַרשטיין פונעם קול קורא, אַז פון די צוויי רעדאַקטאָרן — שטיינמאַן און שלאָנסקי — איז צוריקגעצויגן געוואָרן דער מאַנדאַט צו רעדאַגירן די „כתובים״.

די דאָזיקע פּרטים באַווייזן אַז לגבי דעם מעמד פון יידיש איז נישט געווען כולו מדבר. ס'האָט זיך געפונען אַ וויכטיקער טייל פון די סאַמע פּראָמינענטע העברעישע שרייבערס וועלכע האָבן געוווּסט אָפּצושאַצן די יידיש־יצירה און נישט געוואָלט משלים זיין אַז מ'זאָל אַריינוואַרפן אין חרם אַריין די יידיש־שאַפונג. דאָ בעט זיך אַ היסטאָרישער פאַרגלייך. גענוי ווי אויף דער טשערנאָוויצער יידיש־קאָנפערענץ (1908) האָבן די צווייִשפּראַכיקע שרייבערס נישט דערלאָזט אַז מען זאָל אַרונ־טעררייסן דעם פּרעסטיזש פון עברית און איר נאַציאָנאַלע ראָל אַלס די ערשטע שפּראַך ביים יידישן פאָלק, אַזוי האָבן אויך געהאַנדלט, כמעט 20 יאָר שפּעטער, די צוויי־שפּראַכיקע העברעישע שרייבערס, ווען זיי האָבן אין טומל פון שפּראַכנ־קאַמף אויסגעשטרעקט אַ האַנט פון פאַרשטענדיקונג און הילף צו יידיש.

דאָ ליגן די יסודות פון דעם פאַקט, אַז שפּעטער מיט אַ

שטיקל צייט, טראָץ דעם צעפלאַמטן ריב הלשונות, האָט זיך פאַרמירט אַ קליינע גרופּע געטרייע יידיש־שרייבערס, וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם אָנהויב פון אַ מאָ־דערנער יידיש־ליטעראַטור אין א״י און דערויף וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.



איידער מיר וועלן אָנצייכענען די ערשטע טריט פון דער תקופה פון דער מאָדערנער יידיש־ליטעראַטור אין ארץ־ישראל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1928, מיטן אַרויסגעבן דעם זאַמלהעפט „אָנהייב" און דאָס קאָנצענטרירן זיך פון דער קליינער יידישער שרייבער־גרופּע, וויל איך דאָ, זייער בקיצור, דערמאָנען דעם פּרווו צו עטאַבלירן אַ קאַטעדרע פאַר יידיש אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט.

די איניציאַטיוו פאַר אַזאַ קאַטעדרע איז געקומען פון דער רעדאַקציע פון דער יידישער צייטונג „דער טאָג" פון ניו־יאָרק אין יאָר 1927. דער פאָרשלאַג האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין דער גראָרער וועלט, אַריינגערעכנט א״י. ער האָט אָבער אויך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קעגנערשאַפט אין פאַרשידענע קרייזן אין ארץ־ישראל. ווען דער פּרעזידענט פון ירושלימער אוניווערסיטעט א. מאַגנעס (דאַן געווײלט אין די פאַראייניקטע שטאַטן) האָט זיך געטראָפן אין ניו־יאָרק מיט די פאָרשטייערס פון „טאָג", האָט ער אויפגענומען מיט גרויס אינטערעס דעם פאָרשלאַנג פון אַ יידיש־קאַטעדרע און ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די זאַך איז דערליידיקט. אָבער ווען די ידיעה איז אָנגעקומען קיין א״י, איז אויסגע־בראָכן אַ שטורעם. פּראָפ׳ יוסף קלויזנער און מנחם אוסישקין האָבן נישט נאָר שאַרף זיך אָנטקעגנגעשטעלט דעם פּראָיעקט, נאָר האָבן אויך אָרגאַניזירט פאַרשידענע קרייזן זיי זאָלן

פּראָטעסטירן קעגן מאַגנעסן וואָס האָט געגעבן זיין הסכמה דערויף.

אַרום דעם ענין איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל. די עקסטרעמע עלעמענטן האָבן אַרויסגערוקט דעם אַנטי־יידיש־אַרגומענט, אַז די קאַטעדרע וועט שטערן דעם פּראָצעס פון איינבירגערן עברית און כאָטש דער פּאָרשלאָג איז געווען, אַז די קאַטעדרע זאָל זיין פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, האָט דאָס נישט געהאָלפן. צוזאַמען מיטן טומל און אויפרעגונג מוז מען אָבער אויך באַצייכענען אייניקע פּאָזיטיווע דערשיי־נונגען אין משך פון דער שאַרפער דיסקוסיע. צווישן אַנדערן אפשר אַ זאַך וואָס נישט פיל האָבן דערפון געוווּסט, אַז גראָד די יידישע פּראָפעסאָרן פון ירושלימער אוניווערסיטעט, וואָס זענען געקומען פון דייטשלאַנד, האָבן זיך אין אַ גרוי־סער מאָס אַרויסגעזאָגט פאַרן עטאַבלירן די קאַטעדרע פאַר יידיש.

אויך דאָס מאָל האָט זיך ח. נ. ביאַליק נישט אָפּגעשראָקן פון די פיל אַטאַקעס קעגן אים און האָט געשטיצט דעם געדאַנק און פלאַן פון דער קאַטעדרע. ער האָט אונטער־געשטראָכן, אַז יידיש האָט אויסגעפילט אַ גרויסע ראָל אין קולטור־לעבן פון יידישן פאָלק.

עס זענען אויך געהערט געוואָרן שטימען פאַר דער קאַטעדרע מצד בערל כצנלסון, פּראָפ' ג. שלום, כורש אַדלער, אורי צבי גרינבערג און נאָך אַ ריי אַנדערע אָנגעזעענע פּער־זענלעכקייטן וועלכע האָבן בשום אופן נישט געקענט משלים זיין מיט דער קעגנערשאַפט צו דער יידיש־קאַטעדרע, ווייל אַזאַ קעגנערשאַפט שטעלט אַוועק דאָס באַנייטע ישראל אין אַ נעגאַטיוו ליכט. אויך דער ראַט פון אינסטיטוט פאַר יידישער וויסנשאַפט (מכון למדעי היהדות) ביים ירושלימער אַוניווער־סיטעט, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אין מיינץ, דייטשלאַנד,

דעם 27סטן דעצעמבער 1927, האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער עטאַבלירונג פון דער יידיש־קאַטעדרע.

אויב די קאַטעדרע איז דעמאָלט גלייך נישט רעאַליזירט געוואָרן, איז עס אין אַ גרויסער מאָס געווען צוליב די דראָונגען צו רעאַגירן מיט געוואַלדטאַטן נישט צו דערלאָזן דאָס אַנטשטיין פון דער קאַטעדרע.

מען קען זאָגן, אַז די אויסדרוקן פון „אַקאַדעמישן כוליגאַניזם" האָבן נישט צוגעגעבן קיין כבוד אונדזער קולטור־משפחה אין יענע טעג. מען דאַרף אָבער אויך נישט אונטערשאַצן, אַז צווישן די חובבי עברית האָבן זיך געפונען ערנסטע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן נישט אַקצעפּטירט דעם ריב הלשונות. די צעווילדעוועטע היצקעפּ איז אפשר געלונגען אָפּצולייגן די דאַטע פון דער דערעפענונג פון דער קאַטעדרע, אָבער ווי נאָר ס'זענען רייפער געוואָרן די באַדינגונגען איז די יידיש קאַטעדרע דערעפנט געוואָרן. דאָס איז געשען אין יאָר 1951, אונטער דער אָנפירונג פון פראָפ' דב סדן, וועלכער האָט אין משך פון 30 יאָר פאַרזיכערט דער קאַטעדרע אַ זייער בכבודיקע עקזיסטענץ.

### דער שפּראַכנקאַמף אין ארץ־ישראל האָט נישט אָפּגעהאַלטן די יידיש־יצירה

אין די 20ער יאָרן פון הייַנטיקן יאָרהונדערט זעען מיר אַ מערקווירדיקע דערשיינונג לגבי יידיש אין א"י. פון איין זייט גייט אָן אין אַ שאַרפער פאָרם דער קאַמף קעגן יידיש, פאַראַן אַפילו געשעענישן וואָס רודערן אויף אַ טייל פון דער א"ידיקער געזעלשאַפט. געגוג צו דערמאָנען דעם איבערפאַל אויפן קלוב פון די לינקע פועלי ציון אין תל־אביב, אין דער נאַכט פון שמחת תורה, תשרי תרפ"ט (אָקטאָבער 1928) דורך

אַ גרופּע רעוויזיאָניסטישע יוגנטלעכע און דעם „גדוד מגיני השׂפה".[13] דאָס האָט אַרויסגערופן אין באַשטימטע קרייזן אַ שאַרפן פּראָטעסט און זיי האָבן געטאַדלט דאָס קעמפן פאַר עברית דורך גוואַלדטאַטן (דאָס איז אין יענער תקופה געווען נישט דער איינצלנער גוואַלדטאַט). פון דער צווייטער זייט מוז מען אָבער באַמערקן, אַז די ווילדע אויפפירונג פון די גדודניקעס האָט נישט אָפּגעשטעלט דעם פאַמעלעכן וווקס פון יידיש אין ארץ ישראל. די פעסטע האַלטונג פון דער מוטיקער גרופּע, וואָס האָט נישט פאַרלאָזט די פאָן פון יידיש, האָט אין אַ געוויסער מאָס געדינט אַלס אַן אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר ביים באַפעסטיקן די צוקונפט פון יידיש אין א"י.

אַ קולמינאַציע־פּונקט אין קאַמף פאַר יידיש אין ארץ־ישראל איז דאָס אַרויסגעבן אין אויגוסט 1928 דאָס זאַמל־העפט „אָנהייב" — דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער־פאָלג און דערמיט האָבן די מיטגלידער פון דער יידיש־גרופּע געשאַפן אַן אָרגאַניזירטן ליטעראַרישן יידיש־צענטער.

אָבער איידער מיר וועלן אויספירלעך באַטראַכטן די באַדייטונג פונעם זאַמלהעפט „אָנהייב", דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז אַן ערך 12—15 יאָר פאַרן דערשיינען פון דער קאָלעקטיווער, אָרגאַניזירטער יידיש־גרופּע, זענען שוין געווען אין לאַנד גאָר ערנסטע יידישע שרייבערס און כמעט יעדער פון זיי האָט געשאַפן אויף ארץ ישראלדיקע מאָטיוון, מיט אַ ספּעציפישן צוגאַנג צו דער נייער ווירקלעכקייט. די דאָזיקע שרייבערס זענען אָבער געווען אינדיווידואַליסטן, אָן קאָנ־טאַקט צווישן זיך. זיי איז געווען פרעמד דער פאַרמעסט איינצוואָרצלען די יידישע שפּראַך אין דער ארץ־ישראלדיקער ערד. זיי האָבן, לויט דעם אויסדרוק פון מיין פריינד, דעם שרייבער יצחק יאַנאַסאָוויטש, זיך געשטעלט פאַר אַן אויפ־

13. זע אריה פּילאָווסקיס אַרבעט, זייטן: 154—1973.

גאַבע אַריינצוברענגען ארץ ישראל אין יידיש. אָבער זיי האָבן ווייניקער געזאָרגט וועגן יידיש אין ארץ ישראל.

מיר וועלן דאָ דערמאָנען בקיצור נאָר אייניקע פון די דאָזיקע יידיש־שעפערס[14] ווי למשל דעם שרייבער ז. ברכות, געבוירן אין יאָר 1886 אין רוסלאַנד. עולה געווען אין יאָר 1903, ביז 1914 געלעבט אין א״י, געשאַפן אין יידיש. ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט זיינע ביכער: „אין שאָטן פון חרמון״, „דער ירדן רוישט״, און אַ גרויסע צאָל דערציילונגען וועגן נייעם לעבן אין א״י. כ׳וועל דאָ נישט אַריינגיין אין תוך און אין כאַראַקטער פון זיין שאַפן. ס׳איז אָבער קלאָר אַז זייענדיק אין א״י איז ער געווען ווייט פון יעדן יידיש־ליטעראַרישן קרייז און ער האָט זיך נישט משתף געווען מיט קיינעם. אַוודאי האָט ער געהאַט אַן אָפּקלאַנג מיט זיין שאַפן אין פאַרשידענע קרייזן אין א״י, אָבער אויף דער מערכה פון יידיש אין לאַנד האָט ער נישט געהאַט קיין שום השפעה.

אַזוי איז אויך דער פאַל פון משה סטאַווסקי, (געבוירן אין יאָר 1883 נעבן בריסק דליטא, עולה געווען אין יאָר 1911). ער איז געקומען אַהער שוין מיט אַ נאָמען פון אַ שרייבער אין יידיש, אָבער געטרוימט צו ווערן אַ העברעישער שרייבער. דאָך איז זיין עיקר־שאַפונג אויך דערנאָך געווען אין יידיש. ס׳רוב פון זיינע יידיש־דערציילונגען האָט ער אַרויסגעגעבן אין ב. א. קלעצקינס פאַרלאַג אין ווילנע, אין די יאָרן 1930—1933; זיין טעמאַטיק איז גראָד נישט געווען

14. 1) זע די אַנטאָלאָגיע „מכאן ומקרוב״ פון מרדכי חלמיש, וואָס נעמט אַרום די יידישע דערציילונגען אין ארץ־ישראל, אַרויסגעגעבן פון „ספרית פועלים״, 1966.
2) „וואָרצלען״, אַנטאָלאָגיע, פון יידיש־שאַפן אין ארץ־ישראל, פּאָעזיע און פּראָזע, צוזאַמענגעשטעלט פון אריה שמרי, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, 1966.

קיין ארץ ישראלדיקע. גלייך ווי אַנדערע האָט ער נישט גע־האַט קיין שום באַרירונג מיט די יידיש־קרייזן אין א״י.

מען קען אויך דערמאָנען דעם שרייבער א. ראובני (געבוירן אין רוסלאַנד אין יאָר 1886, געקומען קיין א״י אין יאָר 1910). ער האָט געהערט צו דער גרופּע פון פּועלי־ציון און זיך אָפּט באַטייליקט אין זייער צייטשריפט „האחדות״. אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן איז געווען אין יידיש, מען האָט אים אָבער איבערגעזעצט אין העברעיש. אַ גאָר קליינער טייל פון זיינע שאַפונגען זענען דערשינען אין יידיש, דער גרעסטער טייל פון זיינע שאַפונגען אין יידיש זענען דערשינען אין העברעישער איבערזעצונג.

בערך אין יענער תקופה האָבן אויך געלעבט אין א״י און געשאַפן אין יידיש וויכטיקע שרייבערס ווי: שלום אַש, אפרים אויערבאַך, יהואש, ז. י. אנכי, תלוש א. אַנד.

דאָ איז נישט דער פּלאַץ זיך צו פאַרטיפן אין די סיבות, פאַר וואָס די אויבנדערמאָנטע יידיש־שרייבערס זענען געבליבן אָפּגעזונדערט פון דעם שווערן געראַנגל צו פאַרבעסערן דעם מעמד פון יידיש און מיטצואַרבעטן מיט די דעמאַלטדיקע ליטעראַרישע קרייזן אין ארץ־ישראל.

ס׳פעלט אַן אויספירלעכער אַנאַליז פון דער דעמאָלטי־קער ארץ ישראלדיקער געזעלשאַפט כדי צו פאַרשטיין פאַר וואָס יידישע שרייבערס וואָס האָבן זיך נישט געשעמט מיט יידישער יצירה און וואָס האָבן געקענט ווערן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינעם פאַרפעסטיקן דעם מעמד פון יידיש, זענען געבליבן מן הצד. זיי אַלע זענען געווען פון דער נאַציאָ־נאַלער מחנה און האָבן אויך אויפגענומען עברית אין איר ריכטיקער ראָל און דאָך נישט מוותר געווען אויף דער יידיש־שאַפונג און ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ וואָגיקן בילאַנס פון דערגרייכונגען.

ס׳איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז די רעדאַקציע־

קאָלעגיע פון „אָנהייב" איז נישט געבליבן גלייכגילטיק צו דעם וואָס ערנסטע יידישע שרייבערס וואָס לעבן אין א"י שטייען פון דער ווייטנס און זיי האָבן זיי פערזענלעך איינגעלאַדן מיטצואַרבעטן אינעם זשורנאַל, אָבער אָן דערפאָלג. אינעם געדרוקטן זאַמלהעפט איז דאָ אַ טיילווייזע ידיעה וועגן דעם. אין דער רובריק „נאָטיצן" האָט ס. פיינשטיין פאַרצייכנט מיט שטוינונג דעם פאַקט, אַז מען האָט איינגעלאַדן דעם יידיש־שרייבער אהרן ראובני זיך צו באַטייליקן אינעם זאַמלהעפט „אָנהייב", איז זיין תשובה געווען: „אני מתנגד לאידיש בארץ־ישראל" (איך בין קעגן יידיש אין ארץ ישראל), און ווען מען האָט זיך געווענדט צו משה סטאַווסקי מיט דער זעלבער בקשה האָט ער נישט געפונען פאַר נויטיק אויף איר צו ענטפערן.

די פרינציפיעלע שטעלונג פון ראובני האָט מסתם אויך געווירקט אויף אייניקע פון די דעמאָלטיקע יידיש־שרייבערס, אָבער זיכער נישט אויף דער מערהייט פון זיי. בלייבט טאַקע זייער באַציונג צום זשורנאַל „אָנהייב" אַ שטיקל רעטעניש.

ס'איז זייער סימבאָליש וואָס אין דער הקדמה פון „אָנהייב",[15] ווערט אין דעם „אני מאמין" בכיוון דערמאָנט און באַטאָנט (זיי האָבן ווייזט אויס געפילט, אַז מען קען זיי שטעמפלען ווי עקסטרעמע יידישיסטן מיט אַן אַנטי־נאַציאָנאַלער שטעלונג), אַז „די הוילע יידישיסטישע באַוועגונג, וואָס איז נישט צוזאַמענגעבונדן אָרגאַניש מיטן קאַמף פון יידישן אַרבעטער און מאַסן־מענטש, מיט איר בירגער־לעכער פּחדנות, מיט איר איגנאַרירונג פון דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן תוך, קאָן נישט זיין אונדזער אייגנס".

דאָס איז געווען אַ קלאָרער אָנווונק אין דער זייט פון די וואָס האָבן זיך געהאַלטן רעזערווירט צו דער קעמפע־

---

15. זע, „אָנהייב", אויגוסט 1928, ירושלים, זייטן 1—3.

רישער גרופּע צו שטאַרקן יידיש אין ארץ ישראל, אַז די כוונה איז אַז דורך דעם קאַמף פאַר יידיש זאָל מען טרעפן אין די נאַציאָנאַלע יסודות פון דער ארץ ישראלדיקער באַפ־רייונגס־באַוועגונג.

אָבער אויך דער דאָזיקער פּרוּוו פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון „אָנהייב" האָט נישט געהאָלפן. זייער ליטע־ראַרישער קרייז האָט זיך נישט פאַרגרעסערט מיט די פון דרויסן שטייענדיקע יידיש־שעפערס.

ווער זענען עס געווען די מיטגלידער פון דעם ליטעראַ־ריש־געזעלשאַפטלעכן קרייז אַרום „אָנהייב"? אַ גרופּע אַר־בעטער און פאַלקסמענטשן האָבן דערקלערט אַז „זיי ווילן זיך פריי אויסלעבן אין דער יידישער שפּראַך אויף אַלע געביטן פון גייסטיקער קולטור. די באַפרידיקונג פון אונד־זערע נשמה־נויטן איז נישט קיין **רעאַקציע** קעגן וועמען עס איז". אין דעם טייל פון זייער „אני מאמין" איז כמעט אַרויסגעזאָגט געוואָרן דאָס סאַמע וויכטיקסטע, זיי גיבן צו אַז „ס'וועלן זיך אַוודאי געפינען „פיינשמעקער", וואָס וועלן אונדז מבטל מאַכן, אפשר אויסלאַכן, אָדער בייזוויליק פאַר־שווייגן, דאָס אַרט אונדז נישט".

„אָנהייב" איז דערשינען אונטער אַ רעדאַקציע־קאָלע־גיום און זיין ליטעראַרישער טייל איז געווען אַ באַפרידיקנ־דיקער, רעכענענדיק זיך מיט דער צוריקגעהאַלטנקייט פון די אויבן אָנגעוויזענע שרייבערס. ס'איז אפשר אויך לייכט אָנצוּווייזן אויף די שוואַכקייטן פון אַ טייל שאַפונגען. דער נוּמער איז געדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי „העברי" אין ירושלים און געהאַלטן 44 זייטן. ס'האָבן זיך באַטייליקט: יוסף פאַפּיערניקאָוו, יעקב צבי שאַרגעל, מנחם סטעמ־פּעל, ל. חיין (שמעוני) ל. ליטוואַק (אַ פּסעוודאָנים פון אַ רעדאַקציע־מיטגליד) א. אַנד. עס געפינען זיך אויך אין העפט אַ ריי קולטור־אינפאָרמאַציעס פון א"י און פון אויסלאַנד.

...שנה • בטורקיה 3 מאג"דים •
...ד אוסטריא ורומאניא 6 פלארין
4 ...ב • צרפת 12 פראנק ,
...15 ...אנק, בבריטאניא ואמעריקא
4 15 שילינג •
...בים בלתי חתומים ישובו לבעליהם •
...חפץ להודיע דבר לטובתו עליו לשלם
...על כל שורה אחד גרוש , 6 קאפי
10 קר •

# שערי ציון

דיא פרייס אין טורקיי 3 מאג"די ,
אין אויסטרייך אונגארן אונד גאליציען
6 פל: רוסלאנד אונד פאהלען 4 רובל
דייטשלאנד 12 מארק פראנקרייך 15 פר:
ענגלאנד אמעריקא 15 שילינג .
אונפראנקירטע בריעף ווערדען ניכט
אנגענאמען .
מודעות ווערען בעצאהלט 10 קר. אדער
6 קאפ. אגעדרוקטע שורה :

LES PORTES DE SION

מ"ע יו"ל פעמיים בחודש יבשר ויודיע כל דבר הדרוש לחפץ לבב אוהבי שערי ציון :

שנה ראשונה — מאתי יצחק גאשציני — נומער ז'

ירושלם. כ"א מנחם אב־התרל"ו — JERUSALEM 11 AUGUST 1876

אהב ד' שערי ציון מכל משכנות יעקב (תהלים פ"ז ב) גאט ליבט דיא טויערין פאן ציון מעהר וויא אללע וואהנונגען פאן יעקב

תכן הענינים. רחשי לב, הליכות עולם הישראלי ידיעות מעולם, ביאורים במד"ר, המגיד, מערב, מערכות המלחמה הלב"י, ח"ס, מודעות, תהלים, — ציינגים : יודישע וועלט געשיכטע , איינצעהלנע ווארטען , פערשידענע נאַמען , דיא טירקען אין סערביע, יודישע נאייאינקייטען, פערשידענע נאייאינקייטען, בעקאנטמאכונג , בריף קאסטען ,

„שערי ציון" — די ערשטע העברעיש־יידישע צייטשריפט דערשינען אין ירושלים, אין יאר התרל"ו (1876)

# דער „קאלאניסט"

## לאנדווירטהשאפטליכער ארגאן

ענטהעלט

וויסענשאפטליכע ארטיקעלן, נאטיצען, בעלעהרונגען, אונד פראקטישע ערפאהרונגען, אין אללען פעכער דער לאנדווירטהשאפט, צום פראקטישען נוטצען דער אידישע אקערבויער, אין ארץ ישראל.

### העפט I

הערויסגעגעבען

אונטער מיט ווירקונג פאן מעהרערע פאכטענער אים היל. לאנד

פאן אבראהאם מנשה מאיראוויטש

בראשון לציון

אונד אברהם משה לונץ

עורך ה„ירושלים"

ירושלם

תרנ"ג

בדפוס ה' אברהם משה לונץ.

פראלעטאריער אללער נאציאנען, פעראייניגט אייך!

# דער אנפאנג

ערשטער יאהרגאנג. № 1. ט"ו תמוז, תרס"ז.

## אונזערע אויפגאבען.

איידער מיר קומען צו צו דער בעשטימונג פון אונזערע אויפגאבען, ווילען מיר זיך עטוואס אבשטעלען אויף דער בעטראכטונג פון דעם יעצטיגען מאמענט. מיר לעבען איבער דא אין פלשתינא א בערך שטילע עפאכע, וועלכע איז אנגעקומען נאך א רוישענדען פעריאד פון דעם אימיגראציאנס-שטראם, וואס האט א פלויץ-געטהאן פון רוסלאנד צו אונז. דער זידינער וואולקאן איז ניט פארלאשען, יעדען מאמענט קאנן פארקומען א נייע אויפרייסונג, א שרעקליכע ערשיטערונג— און א נייער מעכטיגער מענשען-שטראם קאנן זיך ווידער א לאז טהון צו אונז. נור צווישען די ביידע רוישענדע וואלקאנישע מאמענטען קומט דערווייל פאר א שטילערע, לאנגזאמערע נעפטונישע טהעטיגקייט. דיעזער, בערך רוהיגער מאמענט, וועלכען מיר לעבען יעצט איבער, איז אם בעסטען צוגעפאסט צוליעב א מעהר אביעקטיווערע בעטראכטונג און אבשאצונג פון דעם עבר או פון אונזער הוה, און פון דעם נעכסטען צוקונפט.

און אזא מאמענט טרעטען מיר ארויס מיט אונזער ארגאן: ווי גרויס איז די בעדערפניס אין אן ארגאן אין פלשתינא וואס פיר א נוצען קאן ער בריינגען איז קלאר פאר יעדען, וועלכער איז וויפיעל עס ניט איז בעקאנט מיט די היגע פערהעלטניסע און אינטערעסירט זיך מיט דעם גורל פון דעם ארטיגען-געזעלשאפט, און דריבער איז, אייגענטליך, איבריג אבצושטעלען זיך גענוי אויף דעם. נור, אזוי ווי די פראגע איז עפענטליך זעהר וועניג בעהאנדעלט געווארען,

# דער אנהייב

זאמלהעפט פארן יידישן ווארט אין ארץ־ישראל



## שריפט פאר ליטעראטור און קונסט

ארויסגעגעבן פון:

**יידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן קלוב אין ארץ־ישראל**

### אינהאלט:



תל־אביב· אפריל 1929

# צוויי

זאמלהעפט
פאר ליטעראטור
און קריטיק

ארויסגעגעבן:

מיט דער ליטעראַרישער מיטווירקונג פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאליסטן קלוב אין ארץ־ישראל

## אינהאלט



תל אביב, יולי 1929.



## זאמלונג פאר ליטעראטור און קולטור


**ארויסגעגעבן פון דעם יידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן קלוב אין ארץ־ישראל**

תל־אביב
דעצעמבער 1929


### אינהאלט:



# זאמלונג פאר ליטעראטור און קולטור


ארויסגעגעבן פון דעם
יידישן ליטעראטן און
זשורנאליסטן־קלוב
אין ארץ־ישראל ⓪

תל־אביב
סעפטעמבער 1931


## איינהאלט:



## זאמלונג פאר ליטעראטור און קולטור

ארויסגעגעבן פון דעם יידישן ליטעראטן־ און זשורנאליסטן־קלוב אין ארץ־ישראל

## אינהאלט:



תל־אביב
סעפטעמבער 1932

# מאי

## ליטעראטור, קונסט און קריטיק

א י נ ה א ל ט :



פארלאג
«אין צוים»
תל־אביב, מאי 1931



## ליטעראטור, קונסט
## און קריטיק

### א י נ ה א ל ט :



פארלאג
«אין צוים»
תל־אביב יוני 1931



ליטעראטור

און

קריטיק

# א י נ ה א ל ט:

ישראל וואליִנסקי: ווען א קוסר ספרימניק ווערט א נביא.—
צבי בייקעס: מיר גייען (ליד).—אברהם יעל: בלויער מונדיר
(דערציילונג) מאטל וועקסלער: קעניגרייך (ליד).—מ. קוטר:
ווי אזוי יידן מאטערן זיך.—י. קעניגשטיין: מערץ ווינטן (ליד)
אברהם בליי: ברודערשאפט (בילד).—צבי בייקעס: צינדט מיט
ברודער די לאמטערנס (ליד).—ד״ר ב. שטילמאן: ווי מען
בילדעט דא רעדואקסענע.— **מיר רעאגירן.** וועמען שיט מען
זאלץ אין די אויגן: אלעף בייס.—וועמען וואל מען גלויבן:
מעם קוף.—היתכן פריינט נחמן מיזל?: אלעף בייס.—וועגן
אוניווערסיטעט, פעטש און וועגן נאך עפעס: מעם קוף.—די
„תורה" פון די משולחים: אלעף בייס.—אויב שטאמלען איז
אויך אויף העברעאיש: מעם קוף.—**לייענענדיק.** (וועגן ביכער
און זשורנאלן) ה. לייכטער סינוס עמיל לודוויג: א. ב.—
נתנאל בעליצקי „און ווענ": מ. ק.— **נאטיצן.**

תל־אביב מערץ 1932

פארלאג
„אין צווים"
תל־אביב

# חיפה

## בלעטער פאר ליטעראטור און קריטיק

ארויסגעגעבן דורך די חיפה׳ער חברים פון יידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן קלוב אין ארץ־ישראל

### א י נ ה א ל ט :

ל. חיין: בארג אראפ ● י״צ. שארגעל: לידער צו מיין מאמען ● אהרן קאוועץ: אין דארף (פראגמענט) ● אהרן צייטלין: אן אפענער בריוו צו ח. נ. ביאליק ● ש. צוקער: כנרת (ליד) ● ל. שמעוני: צי איז דאס אונדזער געזאנג! ● צבי ש־ל: יא, אזא איז אונדזער געזאנג! ● ק. א־ר: אלטניילאנד ● נאטיצן: וואוהין שפייער! — באשיש — א גוט אויסגעפרוווט מיטל — א. ליטוואק ● ● ● ● ● ●

חיפה פעברואר 1932

# בלעטער

## צום אנדענק פון ל. מלאך




ארויסגעגעבן פון יידישן ליטעראטן־און
זשורנאליסטן־קלוב אין ארץ־ישראל

תל־אביב אויגוסט 1936



ליטעראַטור קונסט קריטיק

# א י נ ה א ל ט :

מענדעלע — י. ש. פּיז־קין ■ באַרבאַרוש (פּאָעמע, ערשטער טייל) —
י. צ. שאַרגעל ■ חורבות (דערציילונג) — ש. אײזבאַן ■ לידער־
־ — י. מאַניק לעדערמאַן ■ באַלאַדע פון חיים דער גלעזער, גלאָקן
אין ירושלים — יעקב שטאָל ■ דאָס געזאַנג פון די אוועקגייענדיקע
פּאָעטן, סינטעז — הלל שאַרגעל ■ ביים וויג פון קינד — אברהם
לעוו ■ די רייבע שטאָט (דערציילונג) — פּ אייזן ■ מענטש, וואָס
דו ביזט (ליד) — איזי ברוינשטיין ■ שיר־בענדלעך (סקיצע) —
ש. לאַקס ■ שרייבער און ביכער: צום זיבעציקסטן געבוירנטאָג
פון ראָמען ראָלאַן — ה. ש. ■ «קווער 1914—1918» — י. צ. ש־ל
■ «א בלעטל אין ווינט», «אין דער אויפגעמאַכטער טיר» — ש. הלל
■ נאָטיצן ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■ ■

תל־אביב, מערץ 1936

# די גאָלדענע קייט

פֿערטליאָר־שריפֿט פֿאַר ליטעראַטור
און געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען

# יונג־ישראל

ליטעראטור • קונסט • קריטיק

ארויסגעגעבן פון דער גרופע „יונג־ישראל"



דעצעמבער 1954 חיפה - ישראל

**FOLKSBLAT** (Israel)

# פאָלקסבלאַט

חודש זשורנאַל

**פאַר פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטור־פּראָבלעמען**

אַרויסגעגעבן פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אַרבעט־באַוועגונג

פאָלקסבלאַט נר. 4 (131), נאָוועמבער 1981 — חשון תשמ״ב

# ישראל שטימע

תל־אביב—יפו
TEL-AVIV—JAFFA — 2162
P. P. שולם
2162

**19 יאַנואַר 1982 (כ״ד טבת תשמ״ב)** • זעקסאונצוואַנציקסטער יאָרגאַנג •

# לעבנס־פראגן

סאציאליסטישע חודש־שריפט פאר פאליטיק,ווירטשאפט און קולטור

סעפטעמבער־אָקטאָבער 1981, נומ׳ 35־353 — 31־סטער יאָרגאַנג — פרייז 5 שקלים


פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!

# דער וועג

זו הדרך • DER VEG

# בײַ זיך

העפטן פאַר ליטעראַטור, קולטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען

נומער 16

אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישׂראל

# ירושלימער

# אַלמאַנאַך

## 11

## 1980

ייִדישע שרײַבער-גרופּע אין ירושלים

פֿאַרלאַג „אייגנס"

עם, עולם ומדינה

Folk, Welt un Medine

# פאלק, וועלט און מדינה

חודש-שריפט

ארויסגעגעבן:

קאמיטעט פאר יידישער קולטור אין ישראל

קולטור-דעפארטאמענט ביים יידישן וועלט קאנגרעס

# דווקא

## דריי חדשים שריפֿט פֿאַר פֿילאָסאָפֿישן עסיי

געגרינדעט אין יאָר 1949

אַרויסגעגעבן פֿון וועלטראַט פֿאַר יידיש און יידישע קולטור

רעדאַקטאָר: שלמה סוסקאָוויטש

# יידיש-נומער



82

תל־אָביב — בוענאָס־איירעס

דאָס דערשיינען פון „אָנהייב" האָט זיך נישט ווי געהעריק אָפּגעשפּיגלט אין דער העברעישער פּרעסע, אָבער עס האָט זיך גוט אויסגעווירקט אין די ענגערע אַקטיווע יידיש־קרייזן, וועלכע האָבן געזען אין דער צייטשריפט אַווענדפּונקט, טראָץ דעם באַשיידענעם אינהאַלט. ס'איז דעריבער געווען זייער טרעפלעך די אָפּשאַצונג וועגן „אָנהייב" אין דער נייער שריפט פאַר ליטעראַטור און קונסט „איינס" אַרויסגעגעבן פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־קלוב אין ארץ־ישראל, אַפּריל 1929, תל־אביב, ווו ס'איז געשריבן: „דעם „אָנהייב" האָבן געמאַכט אַ גרופּע ירושלימער אַרבעטער, זיי האָבן געפאָדערט, נישט צורו געלאָזט, זיי ווילן זען אַ גע־דרוקט יידיש וואָרט. עס איז נישט געגאַנגען אַזוי געשווינד... האָבן די אַרבעטער צונויפגענומען דאָס ביסל מאַטעריאַל וואָס איז אונטער דער האַנט געווען, און דאָס ביסל פּרוטות דערצו און אַרויסגעגעבן דעם „אָנהייב". איצט ווייזט זיך אַרויס ווי פּרוכטבאַר יענער איילנדיקער אָנהייב איז געווען. דאָס וואָס דער „אָנפאַנג" פון 1907 יאָר איז געווען פאַר דער ארץ ישראלדיקער פּאָליטישער אַרבעטער־ליטעראַטור אין יידיש, דאָס וועט זיין דער ירושלימער „אָנהייב" פאַר דער יידישער ליטעראַרישער טעטיקייט אין ארץ ישראל. ער האָט געבראַכן די וואַנט און פון אים וועלן מיר ציילן אונדזער דאַטע".

„אָנהייב" האָט מיט זיך נישט נאָר סימבאָליזירט די בראשיתדיקייט אויפן געביט פון אַ קאָלעקטיווער איניציאַ־טיוו פון יידישער ליטעראַטור אין ארץ ישראל, נאָר האָט — קען מען זאָגן — בעיקר סטימולירט דעם המשך פון דער ווייטערדיקער סעריע זאַמלהעפטן פאַר יידישער ליטעראַטור אין לויף פון אַ לענגערער צייט. אַזוי וויל איך דערמאָנען אייניקע ליטעראַרישע פּובליקאַציעס אַלס אַ פּועל יוצא פון „אָנהייב", ווי „איינס" (ת"א, אַפּריל 1929), „צוויי" (ת"א,

יולי 1929), „צווישן צוויי און דריי" (ת"א, דעצעמבער 1929), „מאַי" (ת"א, מאַי 19311), „יוני" (ת"א, יוני 1931). (די לעצטע צוויי זאַמלהעפטן זענען רעדאַגירט פון אברהם בליי, אין פאַרלאַג „אין צוים", ת"א). „דריי" (ת"א, סעפטעמבער 1931), „חיפה" (פעברואַר 1932), „פיר" (סעפטעמבער 1932), „שטאַמען" (ת"א, מערץ 1936), „בלעטער" (אויגוסט 1936), „אונדזערע שטאַמען" (ת"א, יאַנואַר 1937), „נייע שטאַמען" (ת"א, מאַי 1938), „יונגע שטאַמען" (ת"א, יוני 1938), „שטאַמען" ת"א, סעפטעמבער 1939), „אונדזערס" (ת"א, פרילינג 1940) און אַנדערע.

אין 1937 איז דערשינען דאָס זאַמלבוך „ארץ־ישראל־שריפטן", אַרויסגעגעבן דורך דעם יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־קלוב אין ארץ־ישראל. אין דער זאַמלונג, אין דער פאָרם פון אַ בוך וואָס אַנטהאַלט 224 זייטן, באַטייליקן זיך דרייסיק שרייבערס.

מען דאַרף צוגעבן, אַז אין דער דאָזיקער תקופה האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, אַרויסגעגעבן פון דער זעלבער ליטעראַרישער גרופּע, די וואָכנשריפט „נייוועלט" (פון 1934 ביז 1955). די „נייוועלט" האָט אויך אַרויסגעגעבן 12 ליטעראַרישע ביילאַגעס „בלעטער פאַר ליטעראַטור און קריטיק". פון 1936 האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען די זאַמלהעפטן „שטאַמען" (צוליב פאָרמעלע טעמים האָט מען אָפט מאָל געביטן דעם נאָמען). די צייטשריפט איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער יידיש־רעדנדיקער סביבה. ס'זענען אויך דערשינען 2 נומערן „אונדזערס" (1940 און 1949), וועלכע ברענגען אַריין אַ מער דינאַמישן טאָן און אַ נאָענטע מיטאַרבעט מיט דער העברעישער שאַפונג, דורך איבערזעצונגען אין יידיש.

מיט דער אויבנדערמאָנטער אויסגערעכנטער סעריע האָב איך נישט אַלץ אויסגעשעפּט, כ'האָב נאָר בלויז געוואָלט פאַרצייכענען די גרעסערע צאָל דערשינענע העפטן פאַר יידישער

ליטעראַטור אין ארץ ישראל און אויך באַטאָנען, אַז טראָץ דער פיינטלעכער אַטמאָספער קעגן יידיש — זענען דערשינען פאַרשידענע העפטן מיט אַ פאַרבעסערטן אינהאַלט, סיי אין פראָזע און סיי אין דיכטונג. ס׳האָט זיך אויך געפירט אַ פּאַלעמיק מיט די קעגנערישע פאַקטאָרן צו יידיש.

מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז אויסער די זאַמלהעפטן זענען דערשינען, אין דער תקופה, אַ ריי ביכער, דערציילונגען, לידער, ראָמאַנען און פּובליציסטישע מאמרים. בכלל איז די תקופה פון 1928 ביז 1940 מער אַ צייט פון צוגרייטן די ליטעראַרישע כלים, ווייל די צוקונפט פון דער יידיש־ליטעראַטור איז אָפּהענגיק, ווי מיר וועלן עס זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, אינעם צופלוס פון אַ גרעסערער צאָל יידישע שרייבערס, וועלכע וועלן אַקטיוו צוטרעטן צו דעם יידיש־ליטעראַרישן קרייז אין ארץ ישראל.

אין די אויבנדערמאָנטע ליטעראַרישע העפטן (אויסער די וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט אין „אָנהייב״) געפינען זיך די נעמען פון די אָנטיילנעמערס: ש. איזבאַן, ש. אייזן, י. פּאַפּיערניקאָוו, אברהם בליי, י. שטאָל, א. ריוועס, ש. פּעטרושקאַ, דניאל לייבל, מנשה אונגער, יעקב זרובבל, י. טריוואַקס, אל. קאַליר, י. לעדערמאַן־מאַניק, יעקב שטאָל, אריה שמרי, א. לעוו, מ. ערעם, נ. ראַפּאַלקעס־ניר, ישראל רובין, ריקודה פּאָטאַש, הלל שאַרגעל, א. ליס, שלמה שנהוד, י. ח. בילעצקי און אַנדערע.

די יידיש־ליטעראַרישע פּעריאָדיק האָט אין דער תקופה פון 1928—1940 אָפּגעשפּיגלט די יצירה־ראַנגלענישן פון די יידישע שרייבערס וועלכע האָבן זיך באַמיט צו שילדערן דאָס נייע לעבן אין לאַנד און דאָס טאָקע איז געווען דער הויפּט־אינהאַלט פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישן שאַפן אין יענער צייט.

דער דיכטער יעקב צבי שאַרגעל,[16] איינער פון די אַקטיווע

מיטגרינדערס פון יידישן ליטעראַטן־קלוב, האָט געבראַכט אין איינעם פון זיינע עסייען אַן אויספירלעכע ליסטע פון ביכער, (עטלעכע צענדליק) וואָס זענען דערשינען אין יענער צייט. ער ווייזט אָן, אַז נישט געקוקט אויף די אַטאַקעס און שטערונ־גען פון די קעגנערס פון יידיש, איז געוואָקסן די צאָל דערשי־נענע יידישע ביכער און זאַמלהעפטן. שאַרגעל, ווי אַן עדות פון דער ערשטער תקופה, שטרייכט אויך אונטער די פאַר־דריסלעכע דערשיינונג, וואָס אויך אַ טייל פון די בכבודיקע יידישע שרייבערס וועלכע האָבן אין יענער צייט באַזוכט ארץ ישראל, האָבן „נישט תמיד פאַרשאַפט כבוד און פאַרגעניגן דער היגער קליינער יידישער שרייבער־משפחה". די חשובע געסט האָבן נישט געוואָלט איבערטרעטן די שוועל פון די היגע יידישע שרייבער־אונטערנעמונגען. דער כעס איז באַזונ־דערס אויסגעלאָזט געוואָרן צו די קליינע שרייבערישע פיש. אָבער אויך אַזאַ גרויסער שרייבער ווי שלום אַש, זאָל האָבן אַרויסגעוויזן אַ פיינטלעכע באַציונג צו דער יידישער שרייבער־משפחה — דאָס איז שוין געווען אַ סנאָביזם און אַן אומפאַר־געבלעכע באַליידיקונג פון דער יידישער שרייבער־משפחה אין ארץ ישראל. אַוודאי איז ער נישט געווען דער איינציקער, געווען נאָך אַזעלכע. כ׳דערמאָן דעם אַספּעקט, כדי בולטער צו מאַכן אין וואָסערע באַדינונגען ס׳איז דאַן אויסגעקומען צו שאַפן אויף יידיש אין ארץ ישראל.

פאַרשטענדלעך, אַז ס׳זענען אויך געווען צווישן די שרייבערס־געסט ליכטיקע אויסנאַמען, וועלכע האָבן יאָ אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט דער שרייבער־משפחה אין א״י. גענוג צו דערמאָנען: אַלטער קאַציזנע, לייב מלאך, יוסף אָפּאָטאַשו און ה. לייוויק, זיי האָבן אַריינגעבראַכט אָפּטימיזם און צוגעגעבן מוט.

16. יעקב צבי שאַרגעל, „קוואַלן אַרום געצעלט", זייטן 271—283.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די שטעלונג פון די יידישע שרייבערס אין א״י אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, וועלן מיר דאָ ברענגען די מיינונגען פון צוויי שרייבערס: עס שרייבט א. ליס,[17] „מיר האָבן געפאָדערט רעכט און אָנערקענונג פאַר יידיש און פאַר יידישער וואָרטשאַפונג, אָבער נישט פאַר יידישיזם ווי אַ באַוועגונג און ציל, ווייל פונקט אַזוי ווי דער טאָטאַלער קאַמף קעגן יידיש איז געווען רעאַקציאָנעריש, אַזוי קאָן אויך זיין אין דער בעסטער און געטרייעסטער יידישיסטישער כוונה, אַ שמץ, אַ שפור פון פאַנאַטיזם און רעאַקציאָנערישקייט״... דאָ איז באַצייכנט געוואָרן דער גייסטיקער כאַראַקטער פון דעם באַרעכטיקטן קאַמף פאַר יידיש אין ארץ ישראל. אַ צוגאָב־אַספּעקט ברענגט, י. צ. שאַרגעל[18] „...דאָס שרייבן יידיש איז ביי מיר קיינמאָל נישט געווען אין סתירה צו מיין שעצן, כבוד און ליב האָבן העברעיש. פאַרקערט, איך האָב תמיד געזען אין זיי ביידע, אין אַט די צוויי לשונות אונדזערע, אַ מין אוניע, אַ פאַראייניקונג, וואָס יעדע איינע באַמיט זיך אַריינצוטראָגן אין דער שותפות וואָס מערער און וואָס בעסערס״.

אַוודאי קענען מיר געפינען אין ער דעמאָלטיקער יידישער שרייבער־משפחה אויך אַנדערע שטעלונגען, אָבער די אויסנאַמען האָבן קיין סך נישט געענדערט די אויבנדערמאָנטע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. ס׳איז באַקאַנט אַז אַפילו דניאל לייבל, וועלכער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער יידישיסט, האָט אין משך פון דער צייט זיך צוריקגעהאַלטן פון אַן עקסטרעמער שטעלונג און נישט געפּרעדיקט קיין איינשפּראַכיקייט. לייבל איז געווען אַ תלמיד חכם צווישן די קולטור

17. זע א. ליס, „אין זכות פון וואָרט״, זייטן 315—331, פאַרלאַג י. ל. פרץ, 1969, תל־אביב.

18. י. צ. שאַרגעל, „קוואַלן אַרום געצעלט״, זייטן 316—317.

עסקנים, אַ גוטער קענער פון עברית און ער האָט געזען מיט קלוגע אויגן דיווירקלעכקייט און האָט נישט געוואָלט בלייבן אין דער פאַרגליווערטער דאָגמאַטישער ראַם. זיין שטעלונג צוזאַמען מיט די אַנדערע נאָענטע פריינד זיינע, האָבן נישט אויסגעכאָוועט קיין דור פון אויסגעשפּראָכענע, עקסטרעמע יידישיסטן, און דאָס האָט מיטגעהאָלפן דעם בהדרגהדיקן וווקס פון יידיש אין דער ארץ ישראלדיקער געזעלשאַפט.

כדאי צוצוגעבן אַז דניאל לייבל איז שפּעטער געוואָרן מיטגליד פון דער העברעישער שפּראַך־אַקאַדעמיע.

## דער נאַצי־חורבן האָט מיטגעווירקט צום סוף פונעם שפּראַכנקאַמף אין ארץ־ישראל

ווען מען וועט וועלן אויסגעפינען דעם הויפּטפאַקטאָר, וועלכער האָט געווירקט און פאַרשנעלערט די אָפּשוואַכונג פונעם פאַרביסענעם שפּראַכנקאַמף אין א״י, וועט מען קומען צו דער מסקנה, אַז דאָס זענען געווען די שוידערלעכע ידיעות וועלכע זענען אָנגעקומען אין ישוב וועגן דעם נאַצי־חורבן פון אייראָפּעישן יידנטום. די טיפע דערשיטערונג האָט גע־לאָשן די שנאה קעגן יידיש און ס'האָט זיך אָנגעהויבן, מיט פאַמעלעכע שריט, וועבן אַ נייע ווירקלעכקייט.

ס'דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן די תקופה ווען ס'האָט געבושעוועט דער „גדוד מגיני השפה״ און אַנדערע עקסטרעמע גרופּן. מען קען נישט אַריינגיין אין פיל פּרטים, אָבער מען טאָר אויך נישט אויסמיידן אָט די טיפע קעגנערשאַפט צו יידיש, ספּעציעל נאָכן דערשיינען פון דער וואָכנשריפט „נייווע־לט״, וועמענס הויפּט־פאָרשטייערס זענען געווען יעקב זרובבל און נחום ראַפּאַלקעס־ניר ז״ל. ס'איז גוט באַקאַנט אַז „נייווע־לט״ איז ביים אָנהייב כמעט אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם,

די ירושלימער יידישע דרוקערייען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן די אויסגאַבע. אין יאָר 1935 איז פאָרגעקומען אַן איבערפאַל אויף דער רעדאַקציע פון „נייוועלט". אויסער דעם האָט מען אַטאַקירט דעם ראַט פון די יידישע שרייבערס. דאָס איז בכלל געווען אַ תקופה פול מיט שיקאַנעס און אָנפאַלן אויף יידיש. אויף דער דערמוטיקונג פון דער רעדאַקציע „נייוועלט" איז אין ניו־יאָרק אַנטשטאַנען אַ קאָמיטעט צו פאַרטיידיקן יידיש אין ארץ ישראל. דאָס האָט געהאַט אַן עכאָ אין אַמעריקע ווי אויך אין מזרח־אייראָפּע.

אין דער תקופה האָט גראָד געווײַלט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ דעלעגאַציע פון דער הסתדרות אין ארץ ישראל, אין שפּיץ מיט זלמן רובאַשאָוו (שזר) און ברוך צוקערמאַן. דאָס רודפן יידיש אין ארץ ישראל האָט נישט ווייניק גע־שטערט דער הסתדרות־דעלעגאַציע אין איר אַקציע און דאַן איז געקומען אַן אויפקלערונג פון די דעלעגאַטן ז. רובאַשאָוו און ב. צוקערמאַן, ווו זיי ווייזן אויף, אַז ס'זענען נישט פאַראַן קיין רדיפות אויף יידיש אין ארץ ישראל. ווען דו לייענסט די אויפקלערונג, היינט נאָך 46 יאָר, שטוינסטו ווי אַזוי האָבן רובאַשאָוו און צוקערמאַן (אגב, ביידע שליחים האָב איך נאָענט געקאָנט און הויך געשאַצט. איך האָב אויך געוווּסט וועגן זייער אינטימער פאַרבינדונג מיט יידיש) גע־פונען פאַר מעגלעך צו געבן אַזאַ אָפּלייקענונג, אין דער צייט ווען פאַר אַלע זענען געווען בולט די פאַרקערטע פאַקטן. די דערקלערונג האָט זיכער נישט צוגעגעבן קיין פרעסטיזש דער הסתדרות און דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט.

גראָד אין דער צייט האָט דב סדן[19] פאַרעפנטלעכט אין „דבר" אַן אויספירלעכן אַרטיקל ווו ער רעאַגירט שאַרף קעגן אויפרייסן די זיצונג פון דעם ראַט פון די יידישע שרייבערס

19. דב סדנס אַרטיקל אין „דבר": „בענין יידיש", פון אדר ב' תרצ"ה (1935).

און ער גיט צו, אַז די טאַט איז אַ שפּלדיקע און מען טאָר
נישט משלים זיין מיט אָט די מעטאָדן. ער גיט אויך צו, אַז
צוליב די גוואַלד־טאַטן מיידט מען אויס ביי די יידישיסטן
דאָס שטאַרקן פון דער העברעישער שפּראַך אין א״י. ער האָט
אָבער אויך צוגעגעבן, אַז אויב די ליגע צו פאַרטיידיקן יידיש
אין א״י וועט זיך באַזירן אויף אַנטי־ציוניסטישע עלעמענטן
קען די זאַך נישט אויסהאַלטן פיל צייט אין דער ארץ־ישראל־
דיקער ווירקלעכקייט.

אריה פּילאָווסקי[20] ברענגט אין זיין אַרבעט, אַז די אָנ־
פאַלן אויף יידיש־אינסטיטוציעס האָבן געדויערט כמעט ביז
די יאָרן 1943—1944. עס איז צו שטוינען ווי אומפאַר־
אַנטוואָרטלעכע היצקעפּ האָבן קאָמאַנדעוועט קעגן יידיש און
דאָך האָבן די יידיש־ליבהאָבערס נישט איבערגעריסן זייער טע־
טיקייט. כ׳וועל נישט אַריינגיין אין פּרטים, מען דאַרף אָבער
אויך נישט פאַרטושן, אַז די פּראָוואָקאַטיווע אויסדרוקן פון
פאַראַנטוואָרטלעכע פירערס האָבן נאָך מער דערמוטיקט די
הפקר־בחורים צו בושעווען קעגן יידיש. כ׳וויל דאָ דערמאָנען
דעם באַוווסטן פאַקט: אויף דער זעקסטער קאָנפערענץ פון
דער הסתדרות, ווען אַלע דעלעגאַטן זענען געווען טיף דער־
שיטערט אויסהערנדיק דעם שוידערלעכן באַריכט וועגן דער
יידן־פאַרניכטונג אין אייראָפּע פון דער גראַטעוועטער פון
נאַצי־גיהנום, רוזשקע קאָרטשאַק, איינער פון די באַקאַנטע
קעמפערס פון השומר הצעיר אין ווילנער געטאָ, איז פּלוצעם
אויפגעשטאַנען דוד בן־גוריון און געמאַכט אַ קורצע באַמער־
קונג, אַז קאָרטשאַקס עדות־זאָגן האָט טאַקע אַלעמען דער־
שיטערט, ער באַדויערט אָבער זייער, וואָס זי האָט עס געטאָן
אין אַ פרעמדער, גרילצנדיקער שפּראַך. איז די באַמערקונג
געווען אַ פאַרשוועכונג פונעם אָנדענק פון די אויסגעמאָרדעטע

20. זע אריה פּילאָווסקיס אַרבעט, זייטן 140.

קדושים, פון וועלכע דער רוב האָט גערעדט נאָר יידיש. טראָץ דעם גאַנצן רעספּעקט פאַר בן גוריונען און זיין דאַמאָלדיקע ראָל, האָט מען אים אַ לאַנגע צייט נישט געקענט מוחל זיין זיין באַציונג צו יידיש.

אָבער אויך דער און אַנדערע אַזעלכע פאַלן האָבן נישט אָפּגעשראָקן און די קולטור־אַרבעט אין יידיש איז ווייטער אָנגעגאַנגען.



ווייניק זענען פאַראַן געדרוקטע דאָקומענטן וואָס זאָלן עדות זאָגן ווי אַזוי די שוידערלעכע ידיעות וועגן דער אויס־ראָטונג פון אייראָפּעישן יידנטום האָבן געפירט ביסלעכווייז צו אַ רעוויזיע לגבי יידיש אין ארץ ישראל. ווער ס'איז אָבער געקומען אין באַרירונג מיטן יידישן קולטור־לעבן אין א״י, האָט געקענט באַמערקן, אַז עס לייטערט זיך אויס די סביבה פון די שיקאַנעס און הפקר־מעשים. פאַמעלעך איז קלאָר געוואָרן אַפילו ביי אַ טייל פון די הייסע קעמפערס פאַר עברית, אַז מען קען ווייטער נישט אָנגיין מיט דער זעלבער שיטה ווי פריער. יידיש איז געווען אַ גרויסער גייסטיקער אוצר פאַרן יידישן פאָלק און מען דאַרף עס אויך אָפּשאַצן אין דער ווידער אויפגעבויטער אייגענער יידישער היים אין ארץ ישראל.

אין דער צווישנצייט האָבן אויך אָנגעהויבן אָנצוקומען אין לאַנד אַריין וויכטיקע יידישע שרייבערס, וועלכע האָבן מיט זייער עצם קומען געגעבן אַ גרויסן און וויכטיקן בייטראָג פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

ווי באַקאַנט זענען נאָך אין די יאָרן 1947—1948 עולה געווען אַ גרופּע יידישע שרייבערס צווישן זיי: אברהם סוצקע־ווער, יעקב פרידמאַן, משה יונגמאַן, מענדל מאַן, ש. בערלינסקי, רבקה באַסמאַן, אברהם קאַרפּינאָוויטש, שלמה וואַרזאָגער,

ה. בנימין (ב. הרושאַווסקי) משה גורין און אַנדערע. דאָס איז נאָר געווען אַ טייל פון די יידישע שרייבערס וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אין ישראל ערב דער אַנטשטייונג פון דער מדינה. די פּערספּעקטיוו פון אַ מדינה און די מעגלעכקייט צו געפינען זייערע לייענערס צווישן די נייע עולים פון מזרח־אייראָפּע איז געווען דער פאַקטאָר וואָס האָט קאָנצענטרירט דאָ אין לאַנד אַ גרויסע צאָל יידיש־שרייבערס.

די אַנטשטייונג פון דער מדינה איז געוואָרן אַ גרויסער סטימול פאַר דער יידיש־יצירה און דאָס האָט באַדייט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציונג און אינעם צוגאַנג און כאַראַקטער פון דער יידישער שאַפונג און קולטור־טעטיקייט בכלל אין די ראַמען פון מדינת ישראל.

די מדינה ווי אויך די הסתדרות העובדים האָבן געשטיצט די יידיש־אַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן ווי: יידיש־לימוד אין אוניווערסיטעט, יידישע פּרעסע און פּעריאָדיק, דערציונגס־טעמאַטיק, טעאַטער, יידיש־פאָרשונג, א. אַז. ווי. אויב ביז דער אַנטשטייונג פון דער מדינה איז די יידיש־קולטור־אַרבעט געפירט געוואָרן דורכן קולטורקלוב פון די לינקע פועלי ציון (דאָס דאַרף אָפּגעשאַצט און פאָרגעשטעלט ווערן אין דער ריכטיקער פּערספּעקטיוו), האָט נאָכן אויפקום פון דער מדינה, מיט אירע קולטור־אינסטיטוציעס, די יידיש־אַרבעט באַקומען אַ נייע דימענסיע און דער צוגאַנג צו איר האָט זיך געביטן אין פאַרשידענע פּרטים.

אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל א. נ. „יידיש אין ארץ־ישראל" איז באַהאַנדלט געוואָרן די תקופה צווישן 1880 און 1947, וועלכע האָט אַרומגענומען אַ לאַנגן גראַנגל פון דער יידיש־קולטור אין לאַנד. טראָץ דעם האַרבן שפּראַכנקאַמף האָבן די יידיש־אַנהענגערס זיך דאָך נישט אונטערגעגעבן און האָבן דערגרייכט באַדייטנדיקע רעזולטאַטן. דאָס איצטיקע קאַפּיטל נעמט אַרום די צייט פון דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל אין יאָר 1948 ביז די 80קער יאָרן וואָס איז אַ תקופה פון אַ כסדרדיקן וווקס, אמת אין אַ מילדן טעמפּאָ, פון דער יידיש־קולטור אין דער מדינה.

היינט, אין יאָר 1982, ווען מיר מאַכן אַן אַלגעמיינעם איבערזיכט איבער דעם געביט, קען מען זאָגן אַז טראָץ אַלע שוועריקייטן איז געווען אַן אָרגאַנישער וווקס. ס'איז געשאַפן געוואָרן אין מדינת ישראל אַ וויכטיקער יש אויפן געביט פון יידיש־קולטור וואָס שטייגט אַריבער דעם רוב יידישע קהילות אין דער וועלט. ס'איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ וואָגיקער יידיש־צענטער וואָס לייגט אַרויף אויף דער יידיש־מחנה אין לאַנד אַ גרויסע אחריות, מען קען פּאַקטיש זאָגן אויך — אַ שליחות.

ראשית כל איז נויטיק צו פאַרצייכענען די וויכטיקסטע קאָמפּאָנענטן פון דער יידיש־קולטור אין מדינת ישראל אין

משך פון די 33 יאָר פון איר עקזיסטענץ. פון דעם בילד וואָס עס באַקומט זיך פון דעם אַרומנעמען די פאַרשידענע געביטן פון דער יידיש־קולטור אין ישראל קען מען אַרויסציען פאַר־שידענע מסקנות. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דער צענטראַ־לער יידיש־קולטור־טעטיקייט.

**יידיש־שרייבערס**

אין דעם צייטאָפּשניט פון 1947 ביז 1980 איז אין לאַנד געקומען אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע שרייבערס, פּאָעטן, פּראָ־זאַיקערס, עסייאיסטן, זשורנאַליסטן ווי אויך אַ צאָל מאָלערס, סקולפּטאָרן און מוזיקערס, אַזוי אַז עס האָט זיך געשאַפן אין ישראל אַ וויכטיקער שיכט פון יידיש־קולטור־שעפערס. איך וועל זיך בעיקר אָפּשטעלן אויף דער שרייבער־משפחה, וואָס ווייזט, אַז אין משך פון דער קורצער צייט זינט דעם אַנטשטיין פון דער מדינה איז ישראל געוואָרן דער צוציונגס־צענטער פאַר אַ גרויסער מחנה, פון מער פון 120 יידיש־שרייבערס, פּאָעטן און פּראָזאַיקערס, וועלכע האָבן נישט נאָר פאַרשטאַרקט דעם יידיש־שבט אין ישראל, נאָר זענען געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער יידישער וועלט־ליטעראַטור און קולטור. איידער איך וועל ברענגען די אויספּירלעכע רשי־מה פון די שרייבערס וואָס זענען אַריינגעקומען קיין ישראל, מוז באַטאָנט ווערן, אַז פאַר אַ גרויסער צאָל פון זיי איז דאָס אַריבערגיין די שוועל פון דער אַנשטאַנענער מדינה געווען אַ טיפער אויסדרוק פון וועלן לעבן און שאַפן אין אַן אייגענעם ווינקל, אין אַן אייגענער היים. פאַרשטענדלעך אַז נישט אַלע זענען געטריבן געוואָרן פון אַ נאַציאָנאַלן געפיל. געווען אויך אַזעלכע וואָס זענען געקומען ווייל זיי זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע פריערדיקע וווינערטער, אָבער אין אַ סך

פון די שרייבערס, קען מען זאָגן אָן איבערטרייבונג, האָט גע־
טליעט דאָס געפיל וואָס עס האָט אויסגעדריקט איציק מאַנ־
גער אין זיין באַוווּסט ליד:

**„כ'האָב זיך יאָרן געוואַלגערט אין דער פרעמד,**
**איצט פאָר איך זיך וואַלגערן אין דער היים.**
**מיט איין פּאָר שיך, איין העמד אויפן לייב,**
**אין דער האַנט דעם שטעקן, ווי קען מען אָן דעם?**
**כ'וועל נישט קושן דיין שטויב ווי יענער גרויסער פּאָעט,**
**כאָטש מיין האַרץ איז אויך פול מיט געזאַנג און געוויין.**
**וואָס הייסט קושן דיין שטויב? איך בין דיין שטויב**
**און ווער קושט עס, איך בעט אייך, זיך אַליין"?**

די שרייבערס זענען געקומען פון פאַרשידענע לענדער און
געגנטן: פון די פּליטים־מחנות פון נאָך דער צווייטער וועלט־
מלחמה, פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די
נאַצי־חיות, פון פוילן, געציילטע פון רומעניע, פון דרום־אַמע־
ריקע, געציילטע פון צפון־אמעריקע און אין די 70ער יאָרן —
פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

זענען מיר מצרף צו די 120 יידיש־שרייבערס, אַריינגע־
קומענע אין פאַרלויף פון דער מדינה־תקופה, אויך די אַן ערך
50 יידיש־שרייבערס וואָס זענען געווען אין ארץ־ישראל פאַרן
אַנטשטיין פון דער מדינה, באַקומען מיר אַ סך הכל, אַז אין
מדינת ישראל אין אונדזער תקופה, געפינט זיך די גרעסטע
קאָנצענטראַציע פון יידיש־שרייבערס אין דער וועלט.

מיר האָבן אָנגעהויבן מיטן קאַפּיטל יידיש־שרייבערס אין
ישראל, ווייל זיי זענען, לויט מיין מיינונג, פון די אַנטשיידנ־
דיקסטע פאַקטאָרן פון דער יידיש־קולטור אין לאַנד. ווער
זענען די שרייבערס וועלכע זענען עולה געווען קיין ישראל
(אַגב, די רשימה נעמט אויך אַריין דאָס יאָר 1947). מיר
וועלן ברענגען די נעמען לויטן א"ב:

אפרים אויערבאַך, רחל אויערבאַך, צבי אייזנמאַן, לייב אַליצקי, א. איוואַן, רבקה באַסמאַן, אַברהם ביק, יאָסל בירש־טיין, יצחק בראַט, נחמן בלומענטאַל, נחמן בליץ, יונה בערק־מאַן, אריה בוסתן, אבא גאָרדין, יוסף גאָלדקאָרן, משה גורין, יחיאל גראַנאַטשטיין, יצחק גרודבערג־טורקאָוו, משה גראָס־מאַן, שלמה גערסאָן, מאַרק דוואָרזשעצקי, יחיאל האָפער, מאיר האַלפּערין, זלמן הירשפעלד, בינעם העלער, בנימין הרושאָווסקי, מיכאל ווייכערט, שלמה וואָרזאָגער, פריד ווײַ־נינגער, עליה ווערבלין, שפרה ווערבער, גבריאל ווייסמאַן, פייוול זיגעלבוים, משה זאַלצמאַן, שלמה זיטנער, משה זיגלער, זיג־מונט טורקאָוו, יאָנאַס טורקאָוו, שמואל טאָפּ, א. וואָלף־יאַסני, יצחק יאַנאַסאָוויטש, י. לאַצמאַן, משה יונגמאַן, בנימין לובעלסקי, יוסף לודען, יצחק לודען, אליהו ליפּינער, יעקב לעשטשינסקי, יודל מאַרק, מענדל מאַן, י. מיטלפּונקט, לייב מאָרגענטוי, רפאל מאַהלער, מאַלאַשאַ מאַלי, אהרן מענדע־לעוויטש, אברהם סוצקעווער, הערש סמאָליאַר, דוד ספּאַרד, קלמן סעגאַל, אליעזר ענגעלשטערן, ב. עפּשטיין, יצחק פּאַנער, יעקב פרידמאַן, יעקב פּילאָווסקי, אריה פּילאָווסקי, אליעזר פּינעס, רחל פישמאַן, געלע פישמאַן, זיאַמי פעדער, לוי פּאַ־פּיערניקאָוו, י. פּאַלק, שמחה פּאָליאַקעוויטש, יששכר פּאַטער, ישראל פורמאַן, מרדכי צאַנין, א. צפנת, ק. צעטניק, אברהם קאַרפּינאָוויטש, רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק, ברכה קאָפּ־שטיין, ק. קראָשניץ, לייבל קופּערשמיד, לייב קורלאַנד, יוסף קערמיש, ישראל קאַפּלאַן, וואָלף קאַרמיאָל, שמעון קאַנץ, דליה קאַופמאַן, אליעזר רובינשטיין, לייב ראָכמאַן, הדסה רובין, רבקה רוס, יצחק ז. רייזמאַן, נחמן ראַפּפּ, הלל שאַרגעל, א. שטיינברעכער, אפרים שעדלעצקי, מאַשע שטוקער־פּאַיוק, ק. שבתאי, יחיאל שיינטוך, חנא שמערוק, אריה שמרי, י. קערש, ישעיהו שפּיגל, אלכסנדר שפּיגלבלאַט, מרדכי שנער, יוסף שטשאַווינסקי, אפרים שרייער, שלמה שווייצער, י. שטיינבערג.

חוץ דעם דאַרפן מיר באַזונדער דערמאָנען די גרופּע יידישע שרייבערס, וועלכע זענען עולה געווען אין די 70ער יאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד: הירש אָשראָוויטש, רחל בוימוואָל, זאב בלום, חיים זעלצער, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין, מאיר יעלין, יאַנקל יאַקיר, יאָסל לערנער, י. לאַצמאַן, חיים מאַלטינסקי, מאָטל סאַקציער, לייזער פּאָדריאַטשיק, יוסף קערלער, שלמה רויטמאַן, אפרים רויטמאַן, עלי שעכטמאַן, אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן.

אין דער רשימה גייען נישט אַריין אייניקע שרייבערס, וועלכע זענען געווען אַ קורצע צייט אין ישראל און האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד. מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט אַ גרעסערע צאָל יידישע זשורנאַליסטן וואָס האָבן באַרייכערט די היגע יידישע פּרעסע.

די דאָזיקע אַרבעט פּרעטענדירט נישט צו געבן קיין אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן יעדן יידישן שרייבער. וואָס מיר ווילן יאָ באַטאָנען איז אַז אין אַ גרויסן טייל פון דער יידיש־שאַפונג זענען בולט די צענטראַלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, בעיקר פון מזרח־אייראָפּע, איינשליסנדיק די שוידער־תקופה פון נאַציזם און פון חורבן. אין די ליטעראַרישע שאַפונגען פאַרנעמען די ארץ ישראל־מאָטיוון אַ וויכטיקן פּלאַץ. ביי פיל יידיש־שרייבערס קומט צום אויסדרוק די זעלישע פאַרבינדונג מיט דעם נייעם פענאָמען וואָס הייסט מדינת ישראל, וואָס האָט אויך אַ פּאָזיטיווע השפעה אויף די יידן אין די גלות־לענדער.

אַ טייל פון די יידיש־שרייבערס האָבן געשטרעבט און שטרעבן אַז זייערע ווערק זאָלן דערשיינען איבערגעזעצט אין העברעיש, אָדער זיך צו ווייזן מיט קלענערע שאַפונגען אין דער ישראל־פּעריאָדיק. מען קען רעכענען אַז בערך אַ 35—40 יידיש־שרייבערס געהערן צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

די יידיש־שרייבערס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין,

כדי טײלווײז צו קענען העלפן אײנער דעם אַנדערן אויף פאַרשידענע געביטן. מיט דער צײַט איז דאָ אַנטשטאַנען דאָס הויז אויפן נאָמען פון ה. לײוויק וואָס איז געוואָרן אַן אַדרעס פאַרן ײדישן שרײַבער און קולטור־שעפער.

## „די גאָלדענע קײט"

נאָענט נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער ײדישער מדינה,[1] אין זומער 1948, איז געקומען דער פאָרשלאַג מצד אברהם סוצקעווער צו דער הסתדרות העובדים אַז זי זאָל אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישע פערטליאָר־שריפט אין ײדיש, פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אַרום דעם אַרויסגעבן די צײַטשריפט האָט זיך געפירט אַ לעבהאַפטע דעבאַטע. פון אײן זײַט — די פּעסימיסטן, װעלכע האָבן נישט געזען קײן צוקונפט פאַר אַזאַ פּובליקאַציע. פון דער צװײטער זײַט — די אָפּטימיסטן און צװישן זײ דער שטאַרקסטער בעל מאמין יוסף שפּרינצאַק, דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער הסתדרות, װעלכער איז געװען זיכער אין אַ קיום און אַ צוקונפט פאַר אַזאַ אויסגאַבע.

דער ערשטער נומער פון „די גאָלדענע קײט" איז דערשינען, װי ס'װערט אָנגעמערקט אויף דער הילע, אין װינטער 1949, אָבער אין דער װירקלעכקײט איז די צײַטשריפט דערשינען מיט עטלעכע חדשים פריער. שוין אין חודש אַפּריל 1949 לײענען מיר װאַרעמע אָפּהאַנדלונגען װעגן די „גאָלדענע קײט" אין דער ײדישער װעלטפּרעסע, װי אויך אין די היגע העברעישע צײַטשריפטן.

1. זע „די גאָלדענע קײט" נומער 100, זומער 1979, ת"א, אברהם סוצקעװערס אַרטיקל: „אַ פּאָר װערטער װעגן אָנהײב".

דאָס דערשיינען פון דער צייטשריפט זאָגט עדות, אַז אין דער עפנטלעכער מיינונג פון לאַנד, אין וויכטיקע ישראל־קרייזן און בעיקר אין די קרייזן פון דער הסתדרות העובדים איז געקומען צו אַ בהדרגהדיקער פּאָזיטיווער ענדערונג וואָס שייך יידיש אין יידישן לאַנד. „די גאָלדענע קייט" איז אָן ספק איינער פון די ערשטע בולטע סימנים פון אַ רעוויזיע אין דער באַציונג צו יידיש און יידיש־קולטור.

דער ערשטער נומער „די גאָלדענע קייט" איז גלייך פון אָנהויב אָן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ הויכן ליטעראַרישן ניוואָ, וואָס האָט אַרויסגערופן רעספּעקט און אָנערקענונג. אויף זיינע זייטן זענען דערשינען די סאַמע רעפּרעזענטאַטיווסטע יידישע און העברעישע ליטעראַרישע פיגורן אין יענער תקופה. די צייטשריפט איז געוואָרן רעדאַגירט פון אברהם סוצקעווער און אברהם לעווינסאָן. ס'איז כדאי אויסצורעכענען די אַלע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם ערשטן נומער, דאָס וועט געבן אַ גענויערן באַגריף פון דעם גרויסן פּאַרמעסט פון אָט דער ליטעראַרישער פּובליקאַציע. מיר ברענגען דאָ די נעמען פון די וואָס האָבן זיך באַטייליקט לויט דער ריי ווי זיי דערשיינען אין אינהאַלט: יוסף שפּרינצאַק, יעקב פיכמאַן, ח. נ. ביאַליק, שלום אַש, שאול טשערניכאָווסקי, הערצל בערגנער, אהרן צייטלין, י. ד. בערקאָוויטש, שלום עליכם, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו, רייזל זשיכלינסקי, נתן אַלטערמאַן, זרובבל, רבקה באַסמאַן, משה יונגמאַן, בערל שטאָק (דב סדן), ש"י עגנון, מנחם באָריישאַ, אברהם לעווינסאָן, ש. ניגער, ג. שאָפּמאַן, א. לעיעלעס, י. פּאַפּיערניקאָוו, ישראל גלילי, ראובן גראָסמאַן, פּראָפ. א. א. ראָבאַק, ישעיהו שפּיגל, לאה גאָלדבערג, א. ליס, אריה שמרי, יוסף בראַסלאַווסקי, מלך ראַוויטש, משה שולשטיין, ש. בערלינסקי, בנימין טענענבוים, ע. מאָשקאָוויטש, ד"ר ישראל רובין, אברהם סוצקעווער, ברכה כאַבאַס, רפאל לעוו, י. מ. ניימאַן און ראובן לוי.

פון דער רשימה קען מען זען דעם גרויסן פאַרנעם פון רעדאַקטאָר און מען מוז אָנערקענען, אַז דער הויכער ניוואָ פון „די גאָלדענע קייט" האָט אָנגעהאַלטן אין אַלע ווייטער־דיקע נומערן — אָנהויבנדיק פון נומער איינס ביזן הייניקן טאָג. ס'איז אַריינגעלייגט געוואָרן פיל מי, טאַלאַנט און געשיקטקייט כדי „די גאָלדענע קייט" זאָל ווערן די מזרח־וואַנט פון דער יידישער פעריאָדיק און גלייכצייטיק אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיט די בעסטע העברעישע אויסגאַבעס.

ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אינעם ערשטן נומער „די גאָלדענע קייט" זענען געווען געדרוקט לייטאַרטיקלען פון יוסף שפּרינצאַק און יעקב פיכמאַן און אַ דריטע קורצע זאַך פון סוצקעווערן אָן זיין חתימה.

די הסתדרות העובדים איז געווען שטאָלץ מיטן דער־שיינען פון דער פּובליקאַציע און דורך יוסף שפּרינצאַקן איז געקומען צום אויסדרוק די וואַרעמע באַציונג צו יידיש און צו איר גרויסער ראָל אין אונדזערע קולטור־ווערטן. יוסף שפּרינצאַק שרייבט צוו. אַנד.: „ס'איז נאַטירלעך דאָס אויפ־שטעלן אַ ליטעראַרישע בינע אויף וועלכער דאָס יידישע וואָרט און די ווענדונג אויף יידיש זאָל זיין באַהויכט מיטן גייסט פון דער חלוצישער נשמה פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל און מיטן גייסט פון פּאָליטישן רענעסאַנס אין מדינת ישראל". און ער פאַרענדיקט:

„דער אינעווייניקסטער מהות פון שאַפן איצט „די גאָל־דענע קייט" איז — אַז אין דער יידישער היים זאָלן זיך פילן היימיש אַלע שאַפנדיקע כוחות פון יידישן פאָלק און אַזוי אַרום זאָל פאָרקומען די נאַטירלעכע התקרבות און פאַרבינ־דונג מיט דעם, וואָס ווערט געשאַפן מיטן העברעישן וואָרט און אויפטו אין ישראל".

יעקב פיכמאַן, וועלכער איז פאַררעכנט ווי איינער פון די פיינסטע העברעישע דיכטערס און קריטיקערס און גלייכצײ־

טיק ווי אַ וואַרעמער אָנהענגער פון דער יידישער יצירה, וואָס דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ בולטן צווייִשפּראַכיקן שרייבער, זעט פאַר „די גאָלדענע קייט" גרויסע אויפגאַבן: „אין דער ערשטער ריי אַ מיטל צו באַקעמפן די קעגנזייטיקע פרעמדקייט צווישן דער העברעישער און יידישער שאַפונג, נאָך אַ מאָל שאַפן אַזאַ אַטמאָספער, וואָס זאָל נישט נאָר אויסרייסן דעם אַזוי זינלאָזן אַנטאַגאָניזם צווישןביידע ליטעראַטורן, נאָר אויך מעגלעך מאַכן זייער קעגנזייטיקע באַפרוכפערונג".

יעקב פיכמאַנס פאָרמולירונג פון די צענטראַלע קולטור־אויפגאַבן פון „די גאָלדענע קייט", וואָס שטעלט אַוועק די צייטשריפט שוין פון אירע ערשטע שריט אויף אַ קולטורעל־נאַציאָנאַלן ניוואָ דאַרף אַרויסרופן סימפּאַטיע נישט נאָר אין דער יידיש־שרייבער־משפחה נאָר אויך ביי די וויכטיקסטע העברעישע שעפערס.

ס'איז אויך פאַרשטענדלעך, וואָס דער הויפט־רעדאַקטאָר, אברהם סוצקעווער, וועלכער איז נישט לאַנג אַרויס פון דער פּאַרטיזאַנער מחנה, בנס זיך געראַטעוועט פון חורבן, און וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם פּיין או צאָרן פון דער שואה, האָט אין יענע טעג פון 1948 געבראַכט צום אויסדרוק דאָס געפיל פון דער שארית הפליטה. אין זיינע ווערטער פילט זיך דאָס געוויין פון אַ חרוב־געוואָרענעם דור, וואָס שטייט אָבער אויף דער שוועל פון אַ נייעם געבוירן ווערן. וויל איך טאַקע ברענגען זיינע רירנדיקע ווערטער:

„נישט נאָר די יידן האָט אונדזער טויטפיינד זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען און צו פאַרוואַנדלען זיי אין זייף, נאָר אויך זייער שפּראַך און די גאָלדענע קייט. אָבער די שפּראַך האָט דעם שונא איבערגעלעבט. און די קייט האָט דורך געטאָס, וועלדער און אויפשטאַנדן, זיך געצויגן אונטערערדיק, אַ פאַרווונדעטע, אַ צעפּייניקטע, אָנגעזאַפּט מיט די גסיסה־טרערן

פון די, וואָס האָבן זי געשמידט, געהייליקט מיטן קידוש השם פון אונדזער נאָענטסטע — און זי האָט נאָך פעסטער צוזאַמענגעקלאַמערט אירע רינגען, זיך דורכגעגראָבן דורך די פאַרשניטענע שטעט און זי האָט אַ בלישטש געטאָן אין ישראל — דעם לאַנד פון לאַנג־דויערדיקער יידישער בענקשאַפט, וווהין עס שטראָמט אַצינד די שארית הפליטה; דעם לאַנד וואָס היילט אונדזער פאַרבלוטיקטן נעכטן מיטן בלוט פון אונדזער גרויסן היינט".

דאָס איז געווען סוקעוועס „אני מאמין", וועלכער אינספּירירט אים אין משך פון אַלע יאָרן וואָס ער רעדאַגירט „די גאָלדענע קייט", וועלכע איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער בעסטער יידישער ליטעראַריש־פּעריאָדישער אויסגאַבע.

„די גאָלדענע קייט" האָט, ווי געזאָגט, געהאַט אַ געוואַלדיקן אָפּקלאַנג אין יידישן לעבן אין די תפוצות. מען האָט אָפּגעשאַצט דאָס עצם דערשיינען פון אַזאַ וואָגיקער ליטעראַרישער אויסגאַבע, וואָס האָט גלייכצייטיק אַריינגעבראַכט אַן אייגענעם נוסח און ניוואָ אין דער יידיש יצירה.

כ׳האָב געלייענט צענדליקער אַרטיקלען, אָפּשאַצונגען, טייל אויך מיט רעזערווירונג, וואָס זענען געשריבן געוואָרן נאָכן דערשיינען פון „די גאָלדענע קייט". כ׳וועל זיך באַגרענעצן און ברענגען נאָר די שטים פונעם גרויסן יידישן דיכטער ה. לייוויק,[2] וועלכער שרייבט: „עס איז שוין צייט אַז יעדער פון אונדז זאָל וויסן, אַז מיר זענען אַריינגעטראָטן אין אַ גאָר גרויסער היסטאָרישער תקופה, וואָס הייסט ישראל־תקופה, און אַלץ וואָס איז שייך צו אונדזער גאַנצן יידישן לעבן איבער דער גאַנצער וועלט, דאַרף אַריינגעפּאַסט ווערן אין אַ

2. ה. לייוויק, „די נייע תקופה פון ישראל", „טאָג", 8טער אָקטאָבער 1949, ניו־יאָרק.

האַרמאָניע מיט דער גרויסער געשעעניש. „די גאָלדענע קייט" איז בפירוש אַ גרויסע טאַט, אַ גרויסע דערגרייכונג, האָבנדיק אין זינען דעם העברעישן קלימאַט אין ישראל, אין וועלכן אונדזער יידיש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ שווערן געראַנגל פאַר קיום".

## „ביי זיך"

אין דער ריי פון דער יידישער פעריאָדיק אין ישראל פאַרנעמט, אָן ספק, די אויסגאַבע „ביי זיך" דעם פּלאַץ באַלד נאָך „די גאָלדענע קייט". מיטן אַנטשטיין פונעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל איז פּלאַנירט געוואָרן אַז מ'זאָל אַרויסגעבן אַ סעריע העפטן פאַר די שאַפונגען פון שרייבערס, נייע עולים, אין די אָנהייב 70ער. מיטן אָנקומען פון אַ גרעסערער גרופּע יידישע שרייבערס פון סאָוויעט־רוס־לאַנד, האָט זיך געפילט אַ באַזונדערע נויטווענדיקייט אין דעם, אַז ס'זאָל געשאַפן ווערן אַ נייע ליטעראַרישע טריבונע וווּ זיי זאָלן אָפטער קענען דרוקן זייערע שאַפונגען. אין אָקטאָ־בער 1972 איז צו דעם צוועק דערשינען דער ערשטער העפט „ביי זיך" אונטער דער רעדאַקציע פון דיכטער און עסייאיסט, יצחק יאַנאַסאָוויטש, וועמענס עליה ס'איז געווען אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער שרייבער־משפחה אין ישראל.

אין דעם עדיטאָריאַל־אַרטיקל פונעם ערשטן נומער „ביי זיך" שרייבט פּראָפ. דב סדן: „וואָס דאַרף און זאָל אין דער פּאָליטיש־קולטורעלער ווירקלעכקייט פון מדינת ישראל געטאָן ווערן, כדי יידיש־לשון, יידיש־ליטעראַטור צו פאַרזיכערן דעם אינטערעס און איבערגעבנקייט וואָס קומט איר לויט איר היסטאָרישער און אַקטועלער ווערדע, אין כוללדיקן אוצר פון אונדזערע ווערטן — איז די קשיא, וואָס די אינסטיטוציע

וויל זי פאַרענטפערן, און זי וועט פאַרענטפערן, אויב זי וועט וואָס ווייניקער רעדן און וואָס מער טאָן". — דאָס איז אייגנטלעך געווען דער ציל פון דעם נייעם יידיש־קאָמיטעט.

דער ערשטער נומער „ביי זיך" איז דערשינען אין אַ גאַר מאָגערן פאָרמאַט (72 קליינע זייטלעך) און ס'האָבן זיך אין אים באַטייליקט נאָר שרייבער־עולים. מיר וועלן דאָ דערמאָנען די נעמען פון די באַטייליקטע לויט דער ריי ווי זיי זענען געדרוקט געוואָרן: הירש אָשעראָוויטש, רחל בוימוואַל, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין, י. לאַצמאַן, ה. סמאָליאַר, קלמן סעגאַל, דוד ספאַרד, ל. פּאָדריאַטשיק, חיים לייב פוקס, יוסף קער־לער, וואָלף קאַרמיאָל און אפרים רויטמאַן.

דער ערשטער נומער האָט געהאַט דערפאָלג, ער איז גוט פאַרשפּרייט געוואָרן און אַרויסגערופן אַן אינטערעס צווישן די ישראל־שרייבערס. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אָנהייבנ־דיק פון צווייטן העפט, איז שוין „ביי זיך" דערשינען אין אַ גרעסערן פאָרמאַט אין 10־11 דרוק־בויגן (ד. ה. 160—170 זייטן). אין משך פון אַ קורצער צייט איז לויט דעם ווונטש פון פאַרשידענע יידישע שרייבערס אין ישראל באַשטימט גע־וואָרן אַז די — ווייטערדיקע העפטן זאָלן זיין אויך אָפן פאַר יידישע שרייבערס אין ישראל און אין די תפוצות און נישט נאָר פאַר נייע עולים.

ביז איצט זענען דערשינען 20 העפטן „ביי זיך". די צייטשריפט גייט אַרויס צוויי מאָל אין יאָר, ווערט פאַרשפּרייט אין 14 לענדער און פאַרנעמט אַ זייער בכבודיק אָרט אין דער יידישער פּעריאָדיק.

### „ירושלימער אַלמאַנאַך"

אונטער דער רעדאַקציע פון יוסף קערלער און אַ רע־דאַקציע־קאָלעגיע דערשיינט דער זשורנאַל „ירושלימער אַלמאַ־

נאַד", ווי אַ יערלעכע פובליקאַציע, אַרויסגעגעבן פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל — ירושלי־מער אָפּטיילונג. דער ערשטער נומער איז דערשינען אין יאָר 1973. ביז היינט זענען דערשינען 12 יאָרביכער פון 220 ביז 250 זייטן. דער אַלמאַנאַך האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו דערמעגלעכן אַלע יידישע שרייבערס וואָס וווינען אין ישראל זיך צו באַטייליקן אין אים. צווישן די באַטייליקטע יידיש־שרייבערס זענען פאַראַן עלטערע תושבים און נייע עולים, ווי עס ווערט באַצייכנט אינעם ערשטן נומער „ירושלימער אַלמאַ־נאַך" פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע: „מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, כדי צו באַשטעטיקן דעם פאַקט, אַז עס האָט זיך אויסגע־בילדעט אַ נייער יידישער קולטור־צענטער אין ירושלים; אַז מיר זענען מסוגל און מיר זענען אַנטשלאָסן מיט אונדזער גאַנצער קראַפט פון שעפערישער ענערגיע צו פעסטיקן דעם דאָזיקן צענטער".

דער „ירושלימער אַלמאַנאַך" ווערט פאַרשפרייט אין יש־ראל און אין אייניקע לענדער איוף דער וועלט.

מיר ווילן דאָ צוגעבן, אַז אויסער די דערמאָנטע פעריאָ־דישע אויסגאַבעס זענען אין דער תקופה זינט דעם אַנטשטיין פון דער מדינה אויך דערשינען פאָלגנדיקע אויסגאַבעס:

1. **„ישראל־שריפטן"** — העפטן פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, רעדאַקטירט: מ. צאַנין און י. פּאַפּיערניקאָוו, 108 זייטן תל־אַביב 1955.
2. **ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור"** — צונויפ־געשטעלט: מרדכי יפה, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1961, 94 פּאָעטן, 450 זייטן.
3. **„חיפה"** — יאָרביכער פאַר ליטעראַטור און קונסט: נר. 1 — 1963. 170 זייטן; נר' 2־3 — 1965, 284 זייטן; נר' 4 — 1967, 300 זייטן; נר' 5 — 1969, 330 זייטן. די ביכער „חיפה" זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן

דורך דער חיפה־אָפּטיילונג פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין אין ישראל.

4. „וואָרצלען" — אַנטאָלאָגיע פון יידיש־שאַפן אין ישראל. צונויפגעשטעלט דורך אריה שמרי, 616 זייטן, 42 דיכטערס און 18 פּראָזאַיקערס. פאַרלאַג „ישראל־בוך", 1966.

5. **אַנטאָלאָגיע: „ירושלים אין יידישן ליד"** — צונויפגעשטעלט: י. פאַפּירניקאָוו, 192 לידער פון 66 דיכטערס. פאַרלאַג: י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1973.

6. **„צוזאַמען"** — זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור, קונסט, יידישע פּראָבלעמען און דאָקומענטאַציע. רעדאַגירט: ש. ל. שניידרמאַן, אַרויסגעבער: לייב לעווין. 46 באַטייליקטע שרייבערס און אילוסטראַציעס פון 12 מאָלערס. 512 זייטן, פאַרלאַג: י. ל. פּרץ, תל־אביב 1974.

## יידישע פאַרלאַגן

ווען מען מאַכט אַן איבערזיכט אין יאָר 1982 איבער דער יידיש־פאַרלעגערישער אַרבעט אין דער תקופה פון דער מדינה, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס פאַרלאַג־וועזן איז געוואָרן אַ וויכטיקער אינסטרומענט פון דער יידיש־קולטור אין ישראל, שוין אין מיטן פון די 50ער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט פון די ערשטע פאַרלאַגן. אין יאָר 1956 האָט אָנגעהויבן טעטיק צו זיין דער „פאַרלאַג א. נ. י. ל. פּרץ", דערנאָך דער „מנורה"־פאַרלאַג, די לעצטע יאָרן איז צוגעקומען דער פאַרלאַג „ישראל־בוך". דערצו מוז מען צוגעבן, אַז אַ היפּשע צאָל שרייבערס האָבן געדרוקט זייערע ווערק פון אייגענער איניציאַטיוו, נישט נוצנדיק זיך מיט דער דערפאַרונג פון די עקזיסטירנדיקע פאַרלאַגן.

טראָץ דעם וואָס די אויבנדערמאָנטע פאַרלאַגן זענען געווען בעיקר פאַר דעם יידישן בוך, האָבן זיי אָבער אויך געדרוקט טיילווייז העברעישע ביכער ווי אויך יידיש־העברעישע ביכער, ווייל אַ באַדייטנדיקע צאָל שרייבערס האָבן געהאַט אַ פאַרלאַנג אַז זייערע ביכער זאָלן אויך אָנקומען צום ישראל־דיקן העברעישן לייענער. דאָס זענען געווען שרייבערס, בירגער פון ישראל ווי אויך וויכטיקע יידישע שרייבערס פון אויס־לאַנד.

דער י. ל. פרץ־פאַרלאַג איז אַנטשטאַנען אויף דער איני־ציאַטיוו פון יוסף ראָטענבערג ז״ל, מיט אַ גרעסערער גרופּע אַקטיוויסטן וועלכע האָבן באַשלאָסן (1956) אַרויסצוגעבן דעם ערשטן באַנד זכרונות פון יעקב זרובבל ז״ל. דער אָנהויב איז געלונגען. דאַן האָבן זיי באַשלאָסן ממשיך צו זיין ווי אַ יידישער פאַרלאַג און זיך פאַרמאָסטן צו ווערן די רעפּרע־זענטאַטיווע אינסטיטוציע פון יידיש־שאַפונג. אינעם באַריכט צו דער 10 יאָריקער עקזיסטענץ פון „י. ל. פרץ־פאַרלאַג״[3] ווערט באַטאָנט: „מ׳האָט אָנגעהויבן מיט ליידיקע הענט אָן שום פאָנדן, אָבער דערפאַר האָט מען פאַרמאָגט אַ גאַנצן אוצר פון ג ל ו י ב ן אין דער נייטיקייט און וויכטיקייט פון דעם קולטורווערק, וואָס מ׳האָט ערשט גענומען פאַרלייגן זיינע יסודות און מאַכן די ערשטע שריט״.

אין די ערשטע 10 יאָר עקזיסטענץ פון י. ל. פרץ־פאַרלאַג זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן קרוב צו 200 ביכער: 160 ביכער אין יידיש, 25 ביכער אין העברעיש און אין יידיש־העברעיש — 8 ביכער (איבערזעצונגען פון יידיש אין העברעיש = 19 ביכער). צו דער 15יאָריקער עקזיסטענץ פון י. ל. פרץ־פאַרלאַג — זענען שוין געווען קרוב 300 אַרויסגעגעבענע ביכער. ביים רעזומירן דעם סך הכל פון זיינע 25 יאָר עקזיס־

3. זע „ידיעות״ פון י. ל. פרץ־פאַרלאַג, נומער 6, 1966, זייט 3.

טענץ באַווייזט דער י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אַז ס'זענען דורך אים אַרויסגעגעבן געוואָרן קרוב צו 500 ביכער, די איבערוועגנדיקע צאָל אין יידיש, דער רעשט אין העברעיש און יידיש־העברעיש.

היינט, ווען ס'איז באַוווּסט דער טרויעריקער מצב פון די יידישע פאַרלאַגן אויף דער גאָרער וועלט, דאַרף מען אָפּשאַצן דעם גרויסן קולטור־באַדייט פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, וואָס עקזיסטירט ביז היינט צו טאָג, טראָץ אַלע שוועריקייטן, בעיקר פינאַנציעלע, און פאַרנעמט דעם אויבנאָן פון דער יידיש־פאַרלעגערישער טעטיקייט אויף דער וועלט און גיט צו אַ וויכטיקן אינהאַלט צו שטאַרקן די יידיש־קולטור.

אין דער רשימה פון די 500 דערשינענע ביכער זענען פאַראַן פיל ערשטראַנגיקע, וויכטיקע שאַפונגען פון יידיש־שרייבערס סיי אין ישראל, סיי פון גלות, ביכער וואָס האָבן פאַרשריבן בלעטער פון וואָגיקן ווערט אין דער יידישער ליטעראַטור, די וויכטיקסטע געביטן פון יידישער יצירה: דיכטונג, פּראָזע, פּובליציסטיק, זכרונות, שואה־ליטעראַטור א. אַנד. ס'וואָלט געווען כדאי מ'זאָל אָנשרייבן אַ מער אויספירלעכן איבערבליק וועגן דעם, וואָס ס'שטעלן מיט זיך פאָר די 500 ביכער געדרוקטע אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג. כ'וועל זיך דאָ אָבער נישט אָפּשטעלן אויף זיי, כ'וועל נאָר דערמאָנען די אַנטאָלאָגיע וואָס איז דערשינען צום אָנדענק פון די 12 פאַרשניטענע יידישע שרייבערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די אַנטאָלאָגיע — אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דעם פאַרלאַג „די גאָלדענע קייט" — איז אַן אָנזעעוודיקע מצבה צום אָנדענק פון די אומגעבראַכטע יידישע שרייבערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די אַנטאָלאָגיע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך בנימין הרושאָווסקי, אברהם סוצקעווער און חנא שמערוק, זי האַלט 812 זייטן, זי איז דערשינען אין יאָר 1964.

ס'איז געווען זייער טרעפלעך דאָס געבן דער אַנטאָלאָגיע

דעם נאָמען „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין״, וואָס איז גענומען געוואָרן פון פּרץ מאַרקישעס אַ ליד:

**„אַצינד, ווען ס׳קערט די ראיה מיר זיך אום**
**צוריק אַליין,**
**איז מיר אַ ריס די אויגן צו עפענען און זען מיט**
**יעדן גליד דאָ,**
**אַז מיין האַרץ איז אַראָפּגעפאַלן, ווי אַ שפּיגל**
**אויף אַ שטיין,**
**און מיט אַ קלאַנג פון בראָך אויף שטיקער זיך**
**צעשפּליטערט״.**

אפשר האָט מאַרקיש נישט פאָרויסגעזען, אַז דער שפּיגל פון דער יידיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור וועט אַזוי ברוטאַל אַ שליידער געטאָן ווערן אויף אַ פעלזיקן שטיין און וועט זיי אַלע פאַרניכטן.

מען דאַרף אויך צוגעבן אַז אין משך פון די 25 יאָר י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, האָט ער אויך געפירט פאַרשידענע לויפנדיקע טעטיקייטן אויף אַנדערע געביטן: פאַרגרעסערט און פאַר־ברייטערט די ליי־ביבליאָטעק און דעם לייענזאַל, געשאַפן די איינציקע וויכטיקע ביכער־פאַרקויף־שטעלע אין תל־אביב פריער אויף אלנבי 31 און איצט אין אייגענעם בנין אויף ברענער 14, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער צענטער פאַר די אַלע וואָס ווילן זיך איינשאַפן אַ יידיש בוך.

דער פאַרלאַג גייט ווייטער אָן מיט זיין וויכטיקער קול־טור־שליחות. ליידער איז דער פינאַנציעלער מצב זיינער זייער אַ שווערער און ס׳איז ממש אַ נס וואָס ער קען ממשיך זיין און אָנגיין מיט דער שליחות. די שוועריקייטן זענען נישט נאָר פינאַנציעלע, נאָר אויך דאָס, וואָס אין די לעצטע יאָרן פילט זיך אַ גרויסער מאַנגל אין כוחות וואָס זאָלן זיך ווידמען

דער אָנפירונג פון פאַרלאַג. מיט אומגלויבלעכע אָנשטרענ־גונגען פון אַ הייפעלע טרייע און איבערגעגעבענע טוערס פאַרן יידישן בוך, ווערט אויפגעהאַלטן און פאַרגעזעצט די טעטיקייט פונעם פאַרלאַג און עס ווערן געמאַכט באַמיונגען צו פאַר־בעסערן די לאַגע זיינע. די פיל יידיש־געזעלשאַפטלעכע פאַק־טאָרן, וואָס רעדן זייער וואַרעם וועגן דער וויכטיקייט פון יידיש אין ישראל, דאַרפן געדענקען, אַז עס איז אַ גרויסער חוב צו טאָן אַלץ כדי דער י. ל. פרץ־פאַרלאַג זאָל קענען ממשיך זיין די שליחות זיינע.



דער צווייטער ביכער־פאַרלאַג איז געווען דער פאַרלאַג „המנורה״, געגרינדעט דורך משה זאַנשיין ז״ל. דער פאַרלאַג האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו דרוקן נאָר סעלעקטיווע יידישע ביכער. אויך דער פאַרלאַג האָט זיך דעראָבערט אַ גוטן נאָמען אין דער יידישער קולטורוועלט. אָבער צוליב דער שווערער קראַנקייט פונעם פאַרלעגער מ. זאַנשיין האָט ער אויפגעהערט צו פונקציאָנירן אין יאָר 1977. אין דעם פאַרלאַג זענען דערשינען בערך 400 ביכער, צווישן זיי גאָר וויכטיקע ווי למשל: דאָס צווייבענדיקע ווערק „קאָצק״ פון ד״ר יהושע העשל.



דער דריטער פאַרלאַג „ישראל־בוך״, וועלכער איז געגרינ־דעט געוואָרן אין יאָר 1965, האָט אַרויסגעגעבן ביז איצט אַן ערך 85 ביכער. דער פאַרלאַג שטייט אונטער דער אויפזיכט פון מפ״ם. דער פאַרלאַג האָט אין זיין ביכער־סעריע געדרוקט וויכטיקע ווערק וואָס פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, צווישן אַנדערע די אַנטאָלאָגיע „וואָרצ־לען״, געווידמעט דעם יידיש־שאַפן אין ישראל, צוזאַמענגע־שטעלט דורך דעם דיכטער אריה שמרי ז״ל, וועלכער איז אויך

געוועןביז זיין לעצטן טאָג, דער ליטעראַרישער לייטער פון פאַרלאַג.



צו די פאַרלאַגן איז לעצטנס צוגעקומען דער ה. לייוויק־פאַרלאַג ביים יידישן שרייבער־און־זשורנאַליסטן פאַראיין אין ישראל, וועלכער האָט שוין באַוויזן אַרויסגעבן עטלעכע ביכער.

אויסער די אויבנדערמאָנטע יידישע פאַרלאַגן, זענען אויך פאַראַן קולטור־אינסטיטוציעס, וועלכע גיבן אַרויס סעריעס ביכער, דאָס רוב טאַקע דורך די עקזיסטירנדיקע פאַרלאַגן, נאָר טיילווייז אויך דורך אייגענער פריוואַטער איניציאַטיוו. דאָס איז למשל די יידיש־אָפּטיילונג ביים העברעישן אוניווער־סיטעט אין ירושלים און אויך דער קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור (וועלטראַט), וואָס דעם רוב פון די 30 ביכער וועלכע ער האָט איניצירט זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן י. ל. פרץ־פאַרלאַג. בעיקר איז בולט די סעריע ביכער וואָס דער יידיש־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן. דאָס זענען די ווערק פון 12 שרייבערס, נייע עולים פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

און צום שלוס דאַרף אויך צוגעגעבן ווערן, אַז די וויכ־טיקסטע העברעישע פאַרלאַגן אין ישראל האָבן אַקצעפּטירט און דרוקן אַ ריי וויכטיקע איבערגעזעצטע ווערק פון יידיש־שרייבערס. אין די לעצטע 25 יאָר זענען דערשינען אַרום 70 העברעישע ביכער איבערגעזעצט פון יידיש.

## די יידישע פרעסע

**„לעצטע נייעס"**

שוין ביים אַנטשטיין פון דער מדינה האָט די יידישע פרעסע פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין ישוב און אויס־געפילט אַ טאָפּלטע שליחות: 1) פאַר די יידיש־רעדנדיקע פון פאַר 1948, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער יידישער שפּראַך;

2) פאַר דער מאַסן־עליה וואָס איז דעמאָלט געפלאָסן מיט דער שארית הפליטה פון אייראָפּע. אָט די יידיש־רעדנדיקע קרייזן האָבן זיך זייער געגויטיקט אין אַן אינפאָרמאַציע־מיטל צו פאַרשטיין וואָס ס׳קומט פאָר אין דער מדינה און וויסן וואָס ס׳קומט פאָר אויף דער וועלט.

דעריבער איז קלאָר, אַז דאָס דערשיינען פון דער וואָכנצייטונג „לעצטע נייעס", סוף 1948, אונטער דער רעדאַקציע פון מרדכי צאַנין איז געווען זייער וויכטיק און נוצלעך. אייגנטלעך האָט די רעדאַקציע געוואָלט שוין פון אָנהויב, אַז „לעצטע נייעס" זאָל דערשיינען ווי אַ טאָגצייטונג, אָבער דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט דעמאָלט נישט דערלויבט אַרויסצוגעבן אַ יידישע טאָגצייטונג, ס׳האָט נאָך געהערשט די איינשטעלונג, אַז אַ יידישע טאָגצייטונג וועט אָפּווענדן די נייע עולים פון לערנען העברעיש און זיי שטערן זיך איינצופונדעווען אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פון דער מדינה. דער דראַנג נאָך אַ יידישער טאָגצייטונג איז אָבער נישט אַראָפּ פון סדר היום. די „לעצטע נייעס" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דריי מאָל אין וואָך און אַ צווייטע יידישע צייטונג א. נ. „היינטיקע נייעס" אויך דריי מאָל אין וואָך (פון 1953). אַזוי אַרום איז עס פּאַקטיש געווען אַ טאָגצייטונג מיט צוויי נעמען. די רעדאַקציע איז אין ביידע געווען די זעלבע. איין צייטונג האָט משלים געווען די צווייטע. אַזוי למשל, ווען ס׳איז דערשינען אַ ראָמאַן אין איין צייטונג, זענען די המשכים געווען אין דער צווייטער צייטונג, גלייך ווי עס וואָלט געווען איין צייטונג, אַזוי אויך די אינפאָרמאַציע־און אויפקלערונגס־אַרטיקלען. ביידע צייטונגען האָבן געטראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער. מ. צאַנין מיט דער הילף פון זיין אַדוואָקאַט יהושע ראָטענשטרייך האָט אָן אויפהער געפּרעסט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ טאָגצייטונג, וועלכע איז סוף כל סוף געגעבן געוואָרן אין יאָר 1957.

די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך אינ־טערעס אין דער צייטונג און זיי האָבן זיך באַמיט צו האָבן אַן איינפלוס אויף איר. אין יאָר 1959, איז די דעמאָלטיקע רעגירונגס־פּאַרטיי מפא״י אַריינגעטראָטן אין אַ שותפות אין די „לעצטע נייעס״. דאָס האָט אָבער נישט פאַרמאַכט די שפּאַלטן פון דער צייטונג פאַר אינפאָרמאַציע־אַרטיקלען פון אַנדערע פּאַרטייען.

כדי צו פאַרשטיין די השפעה פון „לעצטע נייעס״, דאַרף מען דערמאָנען, אַז אין די 50ער יאָרן איז די צייטונג דער־שינען אין די וואָכנטעג אין 15—16 טויזנט עקזעמפּלאַרן און ערבֿ־שבת אין 25 טויזנט עקזעמפּלאַרן. אויסער דער לויפנדיקער אינפאָרמאַציע זענען אין איר דערשינען אַרטיקלען פון אַ גאַנצער ריי שרייבערס און פּאָליטישע עסקנים, בעיקר יעדן ערב שבת. צווישן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט י. גרינ־בוים, הערצל בערגער, יוחנן באַדער און פיל אַנדערע, ווי אויך אַ וויכטיקע צאָל ייִדישע דיכטערס, צווישן זיי: אורי צבֿי גרינ־בערג, אברהם סוצקעווער א. אַנד. מ. צאַנין האָט איינגעפירט אַ שטענדיקע רובריק „שבתדיקע שמועסן״, וועלכע האָבן אַנט־האַלטן זיינע קאָמענטאַרן וועגן פאַרשידענע געשעענישן אין דער מדינה.

די צייטונג האָט קודם כל געדינט אַלס קוואַל פון לויפנ־דיקער אינפאָרמאַציע פאַר די נייע עולים, וועלכע האָבן אויך דורך דער צייטונג אַרויסגעבראַכט זייערע פאָדערונגען לגבי זייער קליטה.

ביי דער צייטונג איז דערשינען אין די יאָרן 1955 — 1970 די וואָכנשריפט „אילוסטרירטע וועלט־וואָך״.

פונעם סוף 70ער יאָרן האָט „לעצטע נייעס״ אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרלירן דעם פריערדיקן שוווּנג. אָבער אַלס איינציקע ייִדישע טאָגצייטונג פּילט זי אויס אַ וויכטיקע ראָלע ביזן היינטיקן טאָג.

„יידישע צייטונג"

„יידישע צייטונג" האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען ווי אַ וואָכנצייטונג פון יאָר 1955 אונטער דער רעדאַקציע פון ישראל חדש. זינט 1972, ווען ישראל חדש איז נפטר געוואָרן, האָט די צייטונג זיך אַנטוויקלט און הײַנט ווערט זי אָנגעפירט פון אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע. דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער איז דער זון פון ישראל חדש, חיים, אַ יונגער סאַברע, וועלכער האַלט פאַר הייליק די צוואה פון זײַן פאַרשטאָרבענעם פאָטער אויפצוהיטן און שטאַרקן יידיש אין ישראל.

די אַרטיקלען אין דער „יידישע צייטונג" זענען געשריבן פּאָלקסטימלעך אין אַ פּאָפּולערן סטיל כדי צו זײַן צוגענגלעך פאַרן ברייטן לייענער־עולם. פאַראַן דאָרט גוטע פּאָליטישע אַרטיקלען און אַ ליטעראַרישע זײַט. די צײַטשריפט ווערט פאַרשפרייט, אויסער אין ישראל, נאָך אין 28 לענדער צווישן די יידישע קהילות.

אויף דער איניציאַטיוו פון דער וואָכנצייטונג איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביכער־פאַרלאַג „ניי לעבן", וועלכער פאַרשפרייט אויך יידישע ביכער.



זינט דעם אַנטשטיין פון מדינת ישראל, בעיקר אין די ערשטע יאָרן, האָבן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן, גאַנץ ספּעציעל פּאָליטישע פּאַרטייען, געזאָרגט אַרויסצוגעבן אויסגאַבעס אין יידיש. הײַנט, אין יאָר 1981, דערשײַנען נאָך אייניקע פּובליקאַציעס, אַלע מיט דער שטיצע פון געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן אָדער פּאָליטישע פּאַרטייען.

אַזוי דערשײַנט די „ישראל־שטימע", זינט 25 יאָר, אַלס צווייוועכנטלעכע צייטונג אַרויסגעגעבן פון מפ"ם. אויסער דעם פּאָליטישן טייל פאַרמאָגט די צייטונג אַ גוטן ליטעראַרישן טייל. די אויסגאַבע ווערט פאַרשפרייט אויך אין אויסלאַנד.

אין ישראל דערשיינען אויך עטלעכע חודשלעכע אויסגאַ־בעס: „פאָלקסבלאַט", אַ צייטשריפט פאַר געזעלשאַפטלעכע און קולטור־פּראָבלעמען, אַרויסגעגעבן דורך דער ציוניסטישער אַרבעט־באַוועגונג, אונטער דער רעדאַקציע פון שלמה שוויי־צער. די אויסגאַבע ווערט גערעכנט אַלס איינע פון די בעסטע חודש־אויסגאַבעס. זי קאָנצענטרירט זיך בעיקר אויף ציוניס־טישע פּראָבלעמען, דער לאַגע פון יידישן פאָלק אין דער וועלט. זי פאַרמאָגט אויך אַ בכבודיקן ליטעראַרישן אָפּטייל.

„פאָלק און ציון" ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם אויפ־יאָר צוריק, ווי אַ וואָכנבלאַט, ווי דער אָרגאַן פון אחדות העבודה — פּועלי ציון.

„פאָלק און ציון" ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם אויפ־קלער־אָפּטייל ביי דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אין די לעצטע יאָרן האָט די צייטונג געביטן איר דרויסנקדיקע פאָרם. דער חודש־זשורנאַל „פאָלק און ציון" ווערט גוט רע־דאַגירט דורך דעם שרייבער אפרים שעדלעצקי.

ס'דערשיינט אויך אַ וואָכנבלאַט „דער וועג", אַרויסגעגעבן דורך דער רק"ח־פּאַרטיי.

דער „בונד" אין ישראל גיט אַרויס אַ חודשלעכע אויס־גאַבע „לעבנס־פראַגן", אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק לודען (די ערשטע רעדאַקטאָרן זענען געווען ב. צאַלעוויטש און י. אַרטוסקי). די צייטשריפט האַלט זיך שאַרף ביי דער בונדישער פּאָליטישער וועלט־אַנשויונג, זי פאַרמאָגט אויך אַן אָפּטיילונג פאַר ליטעראַטור און קונסט רעדאַגירט דורך גבריאל ווייסמאַן. אויך די אַנאַרכיסטישע גרופּע גיט אַרויס אַ צוויי־מאָנאַטלעכע אויסגאַבע „פּראָבלעמען", אונטער דער רעדאַקציע פון יוסף לודען (ערשטע רעדאַקטאָרן: אבא גאָרדין און אַברבנאל).

דער וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור גיט אַרויס אַ חודשלעכע אויסגאַבע „פאָלק, וועלט און מדינה", וואָס איז אַן אַרטיקלען־דינסט פאַר דער יידישער פּרעסע אין דער

וועלט. די מאַטעריאַלן פאַרעפנטלעכטע אין דער אויסגאַבע וואָס באַשטייען פון ערנסטע אַרטיקלען וועגן יידישע פּראָב־לעמען, ווי אויך אָפּהאַנדלונגען, איבערזיכטן און רעפּאָרטאַזשן ווערן איבערגעדרוקט דורך די יידישע צייטונגען אין דער גאָרער וועלט. „פאָלק, וועלט און מדינה" דערשיינט זינט 1976.

דעסגלייכן גיט אַרויס דער וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור אַ פּערטליאָר־ביולעטין „יידיש־ידיעות", וואָס אַנטהאַלט אויספירלעכע אינפאָרמאַציע וועגן יידישן קולטור־לעבן אין 14—15 לענדער. דאָס איז די איינציקע אויסגאַבע אויף דער וועלט פון דעם כאַראַקטער, דערשיינט פון 1979.

אין ישראל ווערט איצט אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור די זייער חשובע צייטשריפט „דווקא", אַ שריפט פאַרן פילאָזאָפישן עסיי. די צייטשריפט איז דערשינען זינט 1949 אונטער דער רעדאַקציע פון שלמה סוסקאָוויטש, אין בוענאָס־איירעס (אַרגענטינע). נאָך 30 יאָר עקזיסטענץ איז איר דערשיינען איבערגעריסן געוואָרן. נאָך אַ יאָר צייט איז געקומען דער פאָרשלאַג פון וועלטראַט פאַר יידיש צו באַנייען די וויכטיקע צייטשריפט אין ישראל, אַזוי אַז פון יאָר 1980 דערשיינט „דווקא" אין ישראל אונטער דער רעדאַקציע פון שלמה סוסקאָוויטש.

✶

עס וואָלט אונדז אַריינגעצויגן אין צופיל פּרטים ווען מיר זאָלן אויסרעכענען די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס, וועלכע האָבן אין דער ערשטער תקופה פון דער מדינה פאַרעפנטלעכט ביולעטינען אָדער פּובליקאַציעס, וואָס זענען מערסטנטייל דערשינען אַ קורצע צייט.

דאָס וואָס איז געבליבן ביז די 80ער יאָרן, דאָס איז די דויערהאַפטע יידישע פּרעסע אין ישראל.

## די ייִדיש־קאַטעדרע ביים ירושלימער אוניווערסיטעט

נאָך דעם ווי דער ערשטער פּרווו פון 1927, אויפצושטעלן אַ קאַטעדרע פאַר יידיש ביים ירושלימער אוניווערסיטעט איז דורכגעפאַלן, איז אַזאַ קאַטעדרע עטאַבלירט געוואָרן 24 יאָר שפּעטער, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה.

די נייע אַטמאָספער אין מדינת ישראל, די השפּעה פון דער שואה ווי אויך דער ווילן פון פאַרשידענע קרייזן, אַריינ־גערעכנט אַ טייל פון די אַקאַדעמיקער און פּראָפעסאָרן אין ישראל, האָבן צייטיק געמאַכט דעם באַדן דערצו.

אין יאָר 1954 האָט דער בילדונגס־מיניסטער בן־ציון דינאַבורג צוזאַמען מיטן רעקטאָר משה שוואַבע צוגעטראָגן אַ מעמאָראַנדום[4] צום אַנשפּרעכנדיקן פאַקולטעט וועגן אויפ־שטעלן אַ קאַטעדרע פאַר יידיש און יידישער ליטעראַטור. אויפן סמך פון דער ווענדונג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די פּראָפעסאָרן: גרשון שלום, בן־ציון דינאַבורג, בענעט, קאַסוטאָ און טור־סיני. די פּראָ־פעסאָרן־קאָמיסיע איז נאָך אַן אויספירלעכן מיינונגס־אויס־טויש געקומען צו אַ הסכם, וואָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַ יסוד פאַר דער קאַטעדרע. בן־ציון דינאַבורג האָט געבראַכט ביי דער מסיבה לכבוד דב סדן דעם 4טן סעפּטעמבער 1951, די הויפּט־פּרינציפּן וואָס דאַרפן גילטן ביים עטאַבלירן די יידיש־קאַטעדרע:

א) „...ס'זענען דאָ תקופות, ווען דער שאַפונגס־גייסט קומט צום אויסדרוק דורך די פאָלקסטימלעכע עלעמענטן — אמוראים, מקובלים, חסידים, סאָציאַליסטן. די יידישע קולטור־ירושה באַזיצט פיל פאָלקס־עלעמענטן און זיי האָבן עס גע־שאַפן דעם יסוד פאַר דער לעבעדיקער קולטור אין ישראל".

---

4. זע „די גאָלדענע קייט" נומער 11, ת"א 1952, זייטן 187—210, „צו דער דערעפענונג פון דער יידיש־קאַטעדרע אין ירושלימער אוניווערסיטעט".

ב) „ביים היינטיקן טאָג, ווען מיר האָבן צוריק אונדזער היים, איז אונדזער פליכט אויפצושטעלן אַ ריזנווערק וואָס זאָל קאָנצענטרירן די דורות־לאַנגע שאַפונג פון די יידישע מאַסן. דאָס איז אַ תנאי פאַר דער וויטאַליטעט פון אונדזער קולטור, פאַר איר איינוואָרצלען זיך, פאַר איר המשך און פאַר איר פאָלקסטימלעכקייט.

ג) „יידיש — האָבן מיר פעסטגעשטעלט — איז איינער פון די יסודות פון אונדזער דורות־לאַנגער פאָלקסקולטור; מיר זעען אין איר אַ גרויסן אויסדרוק פון פאָלקסשאַפערישע כוחות. מיר שטרעבן צו באַפעסטיקן אונדזער העברעיִשע קולטור דורך אַריינברענגען אין איר די פאָלקסשאַפונג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין יידיש. אַ סך מענטשן האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם שאַפערישן פאָלקס־כוח וואָס קומט צום אויסדרוק אין יידיש. אין דעם פרט האָט ביאַליק פאַר־גליכן יידיש צו אַראַמיש. מיר האָבן זיך דעריבער געזאָגט: „דאָס איז אונדזער פּלאַן און דאָס ווילן מיר פאַרווירקלעכן".

די דאָזיקע פּרינציפּן וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע פון פּראָפעסאָרן און אַקצעפּטירט געוואָרן דורכן ירושלימער אוניווערסיטעט זענען איבערראַשנדיק אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1927. מ'האָט גענומען זוכן דעם פּאַסיקן קאַנדידאַט פאַר אָנפירן מיט דער קאַטעדרע. מען האָט זיך געווענדט צו מאַקס וויינ־רייך, אהרן צייטלין, ש. ניגער. נאָך פאַרשידענע אונטערהאַנד־לונגען, איז זייער תשובה געווען אַ נעגאַטיווע. דעמאָלט איז אויסגעוויילט געוואָרן דב סדן, דער שרייבער, עסייאיסט און שפּראַכן־קענער, אַלס דאָצענט פאַר דער יידיש־קאַטעדרע.[5]

5. ס'איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז ווען מען האָט זיך געווענדט צו פּראָפ. דב סדן אַז ער זאָל אָננעמען די לייטונג פון דער יידיש־קאַטעדרע, האָט ער פאָרגעשלאָגן אַן אַנדערן קאַנדידאַט. כדי אויפצוקלערן גענויער די פראַגע און האָבן מער פּרטים, האָב איך זיך געווענדט צום פּראָפ.

לכבוד דעם אויסוואַל פון דב סדן אויפן וויכטיקן אַמט, איז פאָרגעקומען דעם 4טן סעפטעמבער 1951 אַ זייער וואַרעמע מסיבה כדי אָפּצוצייכענען די וויכטיקייט פון דער געשעעניש. עס האָבן באַגריסט: מ. שניאורסאָן — פינאַנץ־דירעקטאָר פון אוניווערסיטעט, פּראָפ. משה שוואַבע — רעקטאָר פון אוניווערסיטעט; פּראָפ. בן־ציון דינאַבורג, בילדונגס־מיניסטער; דוד פּינסקי; חיים גרינבערג; לואי סיגאַל, גענ. סעקרעטאַר פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, זלמן שזר. דב סדן האָט געענטפערט דער לעצטער. מיר וועלן דאָ ברענגען זיין עיקר־אויפפאַסונג וועגן דער יידיש־קאַטעדרע, וועלכע האָט געדינט אין זיינע לימודים.

דריי אַספּעקטן זענען געקומען צום אויסדרוק אין זיין רעדע:

א) „דער אוניווערסיטעט איז מחויב אין זיין ראַם אַריינ־צונעמען די פולע טאָטאַליטעט פון פאָלקסקולטור אין אַלע אירע אַנטפלעקונגען, אין אַלע צייטן און אין אַלע ערטער".

ב) „דער אויפבוי פון דעם כללדיקן יידישן באַוווסטזיין. ...אונדזער עקסטענסיע אויף דער וועלטמאַפּע ווערט וואָס מער איינגעשרומפּן; די יידישע קיבוצים אין אייראָפּע זענען דערטרונקען געוואָרן אין טייכן בלוט". „...אונדזער טרייסט איז, אַז דאָס איינשרומפּן פון דער געאָגראַפישער עקסטענסיע אויף דער וועלטמאַפּע ווערט אויסגעגליכן דורך דער שטאַר־

---

דב סדן. דערויף האָב איך באַקומען אַן אויספירלעכן בריוו, ג' חנוכה תשמ"ב (23.12.1982) פון וועלכן איך ברענג אַ קורצן אויסצוג:

„...ווען מען האָט מיר פאָרגעלייגט די קאַטעדרע דורך בן ציון דינור האָב איך פאָרגעשלאָגן אַלס קאַנדידאַט מאַקס וויינרייך. ס'איז מיט אים געווען אַ משא ומתן, כ'האָב זיינערצייט געזען דעם אויסטויש פון די בריוו — ביים אָנהויב האָט וויינרייך מסכים געווען, אָבער נאָכהער האָט ער געענדערט זיין מיינונג, ווייל אין צווישנצייט איז אים געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט (דורך דער פונדאַציע פון גוגנהיים) צו שרייבן די געשיכטע פון יידיש. ווייל זייענדיק געבונדן מיט אַ צוזאָג, אַז אויב ער וועט נישט אָננעמען (כאָטש כ'האָב קוים געגלויבט אַז ער וועט זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ פאָרשלאַג), דאַן האָב איך עס אָנגענומען".

קונג פון דער היסטאָרישער אינטענסיע אויף דער מאַפּע פון אונדזער היימלאַנד... מיר טאָרן נישט לאָזן אויסגליטשן גרויסע ווערטן פון אונדזער כלל־אינוועטאַר. לאָזן אויסגליטשן פון חשבון אַזאַ ווערט ווי יידיש, מיט איר האָב און גוטס, הייסט נאָר וועלן פאַראָרעמען זיך אַליין".

ג) „די בריק צווישן ישראל סבא און ישראל סברא" (לויט דער דעפיניציע פון חיים גרינבערג).

דב סדן זאָגט אַז די פאָרשאַרבעט פון אונדזער ליטעראַטור איןביידע שפּראַכן ווערט צומייסט געמאַכט ווי אָפּגעשפּאָלטן איינס פון אַנדערן. די שפּאַלטונג אין דער פאָרשונג דערמעגלעכט נישט צו דערגיין צו דער קעגנזייטיקער השפעה צווישן ביידע לשונות. נאָך מער פאַרטיפט דב סדן אין זיינע באַמערקונגען, אָנווייזנדיק, אַז ס'זענען פאַראַן גרויסע צוויי־שפּראַכיקע שרייבערס וואָס מען קען נישט פאַרשטיין זייער יסודותדיקע שפּאַנונג ווען די פאָרשונג־אַרבעט ווערט געמאַכט אין אַ צעשפּאָלטענער פאָרם. אַלס ביישפּיל ברענגט ער מענדעלע מוכר ספרים און ח. נ. ביאַליק.

די ערשטע שריט פון דער קאַטעדרע זענען געווען באַשיידענע. אין ערשטן קורס אין יאָר 1951, האָבן זיך פאַרשריבן בלויז דריי תלמידים. אויך אין צווייטן יאָר זענען נישט געווען קיין סך תלמידים הגם דער עצם קיום פון דער יידיש־קאַטעדרע האָט געהאַט אַ וויכטיקן אָפּקלאַנג אין ישראל און אין די תפוצות.

די לימודים פון דער יידיש־קאַטעדרע האָבן זיך געפירט אין בנין פון טעראַ סאַנטאַ אין ירושלים. אין יאָר 1953 האָט פּראָפ. סדן אויך באַקומען אַן אַסיסטענט — חנא שמערוק, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון ערשטן קורס פון דער יידיש־קאַטעדרע. ערשט אין יאָר 1961, ווען ס'איז באַשטימט געוואָרן צו עפענען ביי דער קאַטעדרע אַ צוגרייטונג־

קורס פֿאַר לערנען די יידישע שפּראַך, איז די צאָל תּלמי־דים באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן.

פּראָפֿ. סדן האָט אַריינגעלייגט פֿיל מי אויפֿצוהאַלטן דעם שפּראַך־לימוד און די פֿאָרשאַרבעט אויף אַ הויכן ניוואָ. אין דער צייט האָבן געענדיקט אַ צאָל תּלמידים זייער לימוד אויף דער יידיש־קאַטעדרע און אַ טייל זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו ווערן לערערס אין דעם דאָזיקן קרייז.

אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט איז געגעבן געוואָרן דער פֿאָרשאַרבעט.

אין יאָר 1970 האָט פּראָפֿ. דב סדן פֿאַרענדיקט זיין אַר־בעט אין דער קאַטעדרע און אויף זיין פּלאַץ איז געקומען פּראָפֿ. חנא שמערוק, וועלכער האָט אָנגעפֿירט די קאַטעדרע ביזן יאָר 1979.

דער יידיש־לימוד איז נישט פֿאַרבליבן נאָר אין קרייז פֿון ירושלימער אוניווערסיטעט. די ריכטיקע איינשטעלונג, אַז קיין אוניווערסיטעט אין ישראל דאַרף נישט פֿאַרנאַכלעסיקן די יידיש־קולטור האָט געפֿירט דערצו, אַז אויך אין אַנדערע אוניווערסיטעטן זענען אויפֿגעשטעלט געוואָרן ענלעכע קאַ־טעדרעס. אין חיפה, באר־שבע, בר־אילן און לעצטנס אויך אין תּל־אביב ווערט יידיש אַריינגערעכנט צווישן די נאָענטע אויפֿגאַבן פֿאַר אַ קאַטעדרע. אין אַלע אוניווערסיטעטן וווּ מען האָט עטאַבלירט אַ יידיש־קאַטעדרע איז פֿאַראַן נישט נאָר דער לימוד פֿון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, נאָר ס׳ווערן אויך דורכגעפֿירט ערנסטע פֿאָרשאַרבעטן אויף דעם געביט.

✶

ס׳איז וויכטיק צו באַצייכענען אַז פֿון שוליאָר תשל״ב — 1971/72 האָט דער ראַט פֿון הומאַניסטישן פֿאַקולטעט באַ־שטעטיקט אַ פֿאַרברייטערטן פּראָגראַם פֿון דער יידיש־אָפּטיי־

לונג און פון דעם יאָר אָן דערמעגלעכט עס צו באַקומען אויך דעם מ.א.־דיפלאָם (מאַגיסטער־דיפלאָם). ווי באַקאַנט האָט מען ביז דעם יאָר אין דער יידיש־אָפּטיילונג געקענט באַקומען נאָר דעם ב. א. (באַקאַלאַווער) דיפלאָם.

לויט דעם נייעם פּראָגראַם האָט זיך געפאָדערט, אַז אין ערשטן יאָר פון די לימודים, דאַרפן די תלמידים האָבן אַ מינימאַלע צוגרייטונג פון ידיעות אין דער יידישער שפּראַך. עס ווערן אויך געגעבן ספּעציעלע צוגרייטונגען: 1) יידיש פאַר אָנהייבערס, 2) יידיש פאַר אַוואַנסירטע.

ס'זענען אויך באַשטימט געוואָרן אויספירלעכע לימודים פאַר די ערשטע דריי יאָר. צו באַקומען אַ מ. א. (מאַגיסטער) דיפלאָם דאַרף מען לערנען לפּחות 14 שעה אין משך פון צוויי יאָר און 3 סעמינאַרן פון צוויי שעה יעדער איינער. דאַן קומען אויספירלעכע פּרטים וועגן די לימודים.[6]

די יידיש־קאַטעדרע האָט הינטער זיך דערמוטיקנדיקע רעזולטאַטן.



אויך אויפן חיפהער אוניווערסיטעט האָט מען אָנגעהויבן פון יאָר 1968 לערנען יידיש. דער אָנהייב איז געווען אַ באַ־שיידענער: חנא שמערוק האָט געלייענט אַ קורס „אַריינפיר אין דער יידישער ליטעראַטור". ווען אריה פילאַוווסקי איז אַריינגעטרעטן אין לימוד פון אוניווערסיטעט האָט ער גע־האַלטן צוויי קורסן „יידיש פאַר אָנהייבערס" און „יידיש פאַר פאָרגעשריטענע". מיט דער צייט, אין יאָר 1972, האָבן זיך געעפנט נייע קורסן: „די יידישע ליטעראַטור אין 20סטן יאָר־הונדערט: באַשעוועס, מאַנגער און גראַדע"; אין יאָר 1973 — וועגן מענדעלע, שלום עליכם און י. ל. פּרץ. די קורסן האָבן

6. זע „די גאָלדענע קייט" נומער 74, 1971.

פאַרברייטערט דעם לימוד פון יידיש אין חיפהער אוניווער־סיטעט.

די קאַטעדרע פון חיפהער אוניווערסיטעט האָט איר איי־גענע שיטה פון לימוד. אויב אין ירושלים לערנט מען יידיש בלויז פאַסיוו, דאָס הייסט נאָר פאַרשטיין דעם לשון בעל־פה און בכתב, פאָדערט מען אַז די תלמידים אין חיפהער אוניווערסיטעט, זאָלן לערנען רעדן און שרייבן יידיש.[7]

מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז נאָר אין חיפהער אוניווערסי־טעט לערנט מען יידישע אונטער־לינגוויסטיק, יידישע לשונות אין די רוימישע תפוצות, יידישע לעקסיקאָגראַפיע און דזשר־דעזמישע לעקסיקאָגראַפיע.

קרוב צו 20 יאָר האָט פּראָפ. דב סדן אָפּגעגעבן דער יידיש־קאַטעדרע אַ מאַסע מי, טאַלאַנט און ליבשאַפט. ס'פּאַסט זיך דאָ צו דערמאָנען די ווערטער פון דעם גרויסן שרייבער, פובליציסט און תלמיד חכם, חיים גרינבערג, וועלכע ער האָט געזאָגט ביי דער פייערונג פון דער נאָמינירונג פון דב סדן פאַר דער יידיש־קאַטעדרע: „דב סדן איז נישט נאָר אַ יידיש־קענער — זאָגט גרינבערג — ער איז אויך אַ יידיש־ליבהאָבער, אַ ייד־ליבהאָבער, אַן אוהב ישראל. עס איז אַ גוטער סימן וואָס די קאַטעדרע פאַר יידיש ווערט געגעבן אַן איינגעוואָרצל־טן תושב פון ארץ ישראל, אַ בירגער פון מדינת ישראל, אַ העברעישן פּרוכטיקן שריפטשטעלער. איך האָב אמונה, אַז ער וועט זיין קעגנשטאַנד מאַכן באַליבט ביי אונדזער אַקאַדע־מישער יוגנט. זי דאַרף אַזאַ ליבע האָבן פאַר דער געשטאַלטיקונג פונעם קולטור־לעבן אין יידישן לאַנד, אויך פאַר זיך אַליין".

דער בילאַנס פון די 30 יאָר יידיש־קאַטעדרע און פון איר פאַרצווייגטער השפעה אויף דער שטאַרקונג פון דער

7. זע „אויפן שוועל", ניו־יאָרק, אַפּריל־סעפּטעמבער 1978, אַרטיקל „צען יאָר יידישע לימודים אינעם חיפהער אוניווערסיטעט".

יידיש־קולטור — איז אַ זייער אָנגעזעענער און דאָס איז אין דער ערשטער ריי צו פאַרדאַנקען דער אַרבעט פון דב סדן, וועל־כער וועט בקרוב דערגרייכן דעם עלטער פון 80 יאָר. ווינטשן מיר אים ביי דער געלעגנהייט פיל געזונט און נאָך פיל יאָרן פון המשך אין זיין רייכער און פאַרצווייגטער גייסטיקער שאַפונג.

### „יונג־ישראל"

אין דער גרויסער שרייבער־משפחה וואָס איז עולה געווען מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, האָבן זיך געפֿו־נען אַרום 12 יונגע יידישע שרייבערס, בערך אין די 30קער יאָרן פון זייער לעבן. אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו שוין מיט־געבראַכט מיט זיך באַשיידענע ביכלעך פון זייער יצירה אין יידיש ווי: מענדל מאַן — „די שטילקייט מאָנט", משה יונג־מאַן — „הינערפלעט" (רוים 1947), יאָסל בירשטיין — „אונ־טער פרעמדע הימלען" (מעלבורן 1949), ה. בנימין (ה. הרו־שאָווסקי) — „שטויבן" (מינכען 1948), שלמה וואָרזאָגער — „זיין" (מינכען 1948). די גרופּע האָט געשטרעבט צוזאַמען צו געפינען זייער וועג אין דער נייער מדינה, ממשיך זיין זייער שאַפן אין יידיש אויף ישראלדיקער טעמאַטיק, כדי אַרויס־צוברענגען זייער באַפעסטיקונג אין דער ישראלדיקער נייער אַטמאָספער. די גרופּע איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דעם שוין באַקאַנטן דיכטער אברהם סוצקעווער, וועל־כער איז גאָר אין גיכן געוואָרן זייער סנדק, זיך געסטאַרעט פאַר זיי אויסצופלאַסטערן זייער וועג אין דער יידישער ליטע־ראַטור אין ישראל. צו סוצקעווערן איז אין גיכן אויך צוגע־טרעטן דער וועטעראַן פון דער יידישער ליטעראַטור — דוד פינסקי, וועלכער איז אויך אין יענער צייט עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין חיפה.

די גרופּע יונגע שרייבערס האָט זיך אָנגעהויבן טרעפן וועגן פאַרשידענע אויפקלערונגען און פרטים אין זייער ווייטער־דיקער ליטעראַרישער אַרבעט. אַ טייל פון זיי זענען געווען צעשפּרייט אין קיבוצים און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען אין קיבוץ יגור, לעבן חיפה. נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך געגעבן דעם נאָמען „יונג־ישראל". די גרופּע האָט נישט פאָרמולירט קיין ספּעציעלע פּלאַטפאָרם, זיי האָבן אָבער געזוכט אַ וואַרעמע באַציונג און אויך טיילווייזע הילף צו קענען אַרויסגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן. אין יאָר 1951 האָט זייער ליטעראַרישער פּאַטראָן, אברהם סוצקעווער, דער רעדאַק־טאָר פון „די גאָלדענע קייט", אויפגעעפנט פאַר זיי די שפּאַלטן פון דער אויסגאַבע[8]. ערשט שפּעטער מיט 2 יאָר האָט די גרופּע „יונג־ישראל" אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן אייגענע אויס־גאַבע מיטן נאָמען „יונג־ישראל", פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק, וואָס איז דערשינען אין חיפה אין די יאָרן דעצעמבער 1954, דער צווייטער העפט — אין יאָר 1956, דער דריטער און לעצטע סעפּאַראַטע זאַמלונג אין יאָר 1957.

די גרופּע האָט זיך באַמיט גובר צו זיין זייערע שפּראַך־שוועריקייטן אין אַ נייעם קלימאַט. טראָץ דעם וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט ביט זיך די גייסטיקע וואָרצלען פון מזרח־אייראָפּע און אויך דעם שוידער פון חורבן, האָט זיך דער רוב פון זיי באַמיט, שוין אין דער ערשטער תקופה, אויפ־צונעמען די ישראלדיקע טעמאַטיק אין זייער שאַפונג. ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז די שרייבערס פון „יונג־ישראל" האָבן אַריינגעפלאָכטן אין דער ישראלדיקער שאַפונג אימאַזשן פון דער אַלטער היים. אַזוי למשל, האָט צבי אייזנמאַן דערזען אין זיין קיבוץ בית מדרש־יידן, און משה יונגמאַן האָט אין

8. זע „די גאָלדענע קייט", נר. 7, יאָר 1951 און 9, יאָר 1952, ווו אַ גרויסע טייל פון דער גרופּע „יונג־ישראל" האָבן אין אַ קאָנצענטרירטער רובריק געדרוקט זייערע שאַפונגען.

זיין וווינאָרט געזען קי ווי ל״ו צדיקים, רחל פישמאַן, מיט אירע סובטעלע דיכטערישע שורות, האָט געהאַט דעם טעם פון „תרי״ג זאַפטיקע פריידן״, ווען זי האָט געזאַמלט די פּירות אויפן פעלד. און אַזוי אויך אַנדערע שרייבערס פון דער גרופּע. דאָס איז געווען די אייגנאַרטיקע איינשטעלונג פון „יונג־ישראל״: צונויפפּאָרן די עמאָציע מיט דער נייער וויר־קלעכקייט פון ישראל.

ווער זענען געווען די שרייבערס פון „יונג־ישראל״?

א) צבי אייזנמאַן — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1920. בילדונג — אַ וועלטלעכע שול. אין די יאָרן פון דער מלחמה געווען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. נאָך דעם וואָס ער אין געווען 2 יאָר אין ציפּערן איז ער אָנגעקומען קיין ישראל. צוערשט געוואָרן אַ חבר אין קיבוץ יגור און נאָך יאָרן אַריבער אין קיבוץ אלונים. געווען זייער אַקטיוו אין דער גרופּע פון „יונג־ישראל״ און געוואָרן אַ באַדייטנדיקער פּראָזאַיקער אין דער ישראלדיקער ליטעראַטור.

ב) יאָסל בירשטיין — געבוירן סעפּטעמבער 1920 אין ביאַלע־פּאָדלאַסק (פּוילן). אין 1936 עמיגרירט קיין אויסט־ראַליע. דאָרט אַרויסגעגעבן זיין ערשט ביכל. אין 1950 עולה געווען קיין ישראל. אַ שטיק צייט געווען אין קיבוץ גבת. געשריבן אַ ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן. נאָך אַ תקופה אַריבער־געפאָרן קיין נצרת־עלית. פאַרטיפט זיין שאַפונג אַלס פּראָ־זאַיקער.

ג) משה יונגמאַן — געבוירן אין כאָדאָראָוו־גאַליציע אין יאָר 1922. אין די מלחמה יאָרן געווען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין די יאָרן 1945־1946 געווען אין רוים (איטאַליע), דאָרטן אַרויסגעגעבן זיין לידערבוך און אין יאָר 1947 עולה געווען קיין ישראל, געאַרבעט אין די מעברות און שפּעטער געווען לערער. זיין פּאָעטישע שאַפונג איז פאַרטיפט געוואָרן. ער

איז איינער פון די בולטסטע יידישע דיכטערס היינט אין ישראל. וווינט אין טבעון.

ד) אברהם קאַרפּינאָוויטש — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1917. געווען אַ שטיק צייט אין די קפריסין־לאַגערן. עולה געווען אין יאָר 1947. דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין „נייוועלט". ער האָט פאָרגעזעצט זיין איינדרוקספולע פּראָזע אויף ישראלדיקער טעמאַטיק און לעצטנס אויך וועגן זיין אַלטער היים ווילנע.

ה) אברהם רינצלער — געבוירן אין יאָר 1923 אין דאָרנאַ־וואַטראַ (בוקאָווינע). זיינע ערשטע לידער פאַרעפנטלעכט אין די „בוקאַרעשטער זאַמלביכער" (1947). אין יאָר 1949 עולה געווען. זיין דיכטונג וואָס האָט פיל אָנגעזאָגט אויף ווייטערן דערפאָלג איז פלוצעם איבערגעריסן געוואָרן. ס'איז נישט באַקאַנט פאַר וואָס ער האָט זיך דערווייטערט פון דער יידישער יצירה.

ו) שלמה וואָרזאָגער — געבוירן אין יאָר 1917 אין כעלם (פוילן). אין די מלחמה־יאָרן געווען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. זיין ערשט ביכל לידער „זיין" אַרויסגעגעבן אין מינכען אין יאָר 1948. אין יאָר 1949 עולה געווען קיין ישראל. דאָ איז ער ממשיך זיין ליטעראַרישע שאַפונג.

ז) רבקה באַסמאַן — געבוירן אין יאָר 1925 אין וויל־קאָמיר (ליטע). געלערנט אין אַ יידישער פאָלקסשול, שפּע־טער אין אַ ליטווישער גימנאַזיע. מלחמה-צייט געווען אין ווילנער געטאָ און דערנאָך עוואַקואירט געוואָרן קיין ריגע. אין יאָר 1947 עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין קיבוץ המעפּיל, שפּעטער אַריבער קיין הרצליה ב׳. אין אירע לידער שפּיגלט זיך אָפּ די השפּעה פון די אימאַזשן פון קיבוץ־לעבן מיט אַ לירישן אייגנאַרטיקן אויסדרוק. איר ערשט ביכל „טויבןביים ברונעם".

ח) רחל פישמאַן — געבוירן אין פילאַדעלפיע אין יאָר 1935. אָנגעהויבן שרייבן אין עלטער פון 15 יאָר. געלערנט אין אַן אַרבעטער־רינג־שול. עולה געווען אין יאָר 1954. זיך באַזעצט אין קיבוץ בית־אַלפאַ. אין אירע לידער ברענגט זי אַרויס די אימאַזשן פון קיבוץ־לעבן.

ט) משה גורין — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1921. דעביוטירט אין ווילנע אין יאָר 1938, מיטגעאַרבעט אין „צוקונפט". איבערגעלעבט פאַרשידענע לאַגערן אין עסטלאַנד און דייטשלאַנד. אין די יאָרן 1945—1947 געוווינט אין שטאָק־האָלם. עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1947. אַרבעט אַלס לערער אין חולון. ער האָט זיין אייגענע סטעזשקע און אויסדרוק אין זיינע לידער.

י) מרדכי ליפשיץ — געבוירן אין יאָר 1922 אין ווילנע. געענדיקט אַ העברעיִשע גימנאַזיע. פאַרלוירן אין געטאָ זיין גאַנצע משפּחה אין די יאָרן 1943־1944, געקעמפט אַלס פּאַר־טיזאַן, דערנאָך אין דער רויטער אַרמיי. עולה געווען אין יאָר 1948. זיך געדרוקט אין „צוקונפט", „קיום", „אידישער קעמ־פער", „די גאָלדענע קייט". אַ לערער אין חולון.

יא) ה. בנימין (בנימין הרושאָווסקי) געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1928. עולה געווען אין יאָר 1948. זיך אָפּגעגעבן בעיקר מיט אַקאַדעמישער בילדונג. אַ צייט געווען רעדאַקטאָר פון „הספרות" און דערנאָך פּראָפ. פון פּאָעטיק אין תל־אַביבער אוניווערסיטעט. פאַרנעמט זיך גאַנץ ספּעציעל מיט שטודירן די וועלטפּאָעזיע, אַרויסגעבנדיק אַ ספּעציעלע אויס־גאַבע אין ניו־יאָרק. אין די געציילטע יאָרן פון זיין שרייבן יידישע לידער האָט ער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אייגנאַרטיקן צוגאַנג. דער רוב פון זיינע לידער וועגן דער מדבר־לאַנדשאַפט. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין ליד „שניי אין ירושלים", דערשינען אין „די גאָלדענע קייט" נומער 7, 1951.

איינער פון די שרייבערס וועלכער האָט אפשר אָפיציעל נישט געהערט צו „יונג־ישראל" אָבער מחמת זיין עלטער ראוי געווען צו פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין דער גרופּע, איז דער פּראָזאַיקער מענדל מאַן וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט דער־ציילונגען פון ניי־ישראלדיקן לעבן. מענדל מאַן איז שפּעטער אויסגעוואָקסן צו אַ באַדייטנדיקער פּאָזיציע אין דער נאָך־מלחמהדיקער ייִדישער ליטעראַטור.



דער קרייז פון „יונג־ישראל" האָט, נאָך אייניקע אינטימע טרעפונגען אין יגור, גערופן אין זעלבן קיבוץ אין אָקטאָבער 1951, די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. דאָ האָבן זיי אָנגעמערקט זייער פעסטן ווילן אַלס ישראלדיקע שאַפערס אין ייִדיש און אונטערגעשטראָכן די אייגנאַרטיקייט — יעדער אין זיין פאָרם אין דער נייער היים. דער קיבוץ יגור האָט מיט גרויס כבוד אויפגענומען די דאָזיקע ייִדיש־שרייבער־גרופּע. דאָס האָט פאַר די שרייבערס געדינט אַלס קוואַל פון דערמוטיקונג ממשיך צו זיין זייער וועג. דער צוזאַמענטרעף אין יגור האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די דעמאָלטיקע ייִדישע פּרעסע האָט עס געהאַלטן ווי אַ גרויסן זיג פאַר ייִדיש־לשון און איר ליטעראַטור. די יערלעכע צוזאַמענטרעפן פלעגן ווייטער פאָרקומען אין יגור. ס'איז ממש רירנדיק צו לייענען דוד פּינסקיס אַרטיקל[9] אין וועלכן ער באַשרייבט דעם יער־לעכן צוזאַמענטרעף פון דער גרופּע „יונג־ישראל": „...גאַנץ יגור האָט געטומלט, ווען דער „טאַטע" פון דער גרופּע, דער דיכטער אברהם סוצקעווער, צוזאַמען מיט דער גרופּע „יונג־ישראל" האָבן זיך געלאָזט גיין צום זאַל בת־שבע, ווו ס'איז פאָרגעקומען דער אָוונט. אַן ענטוזיאַסטישער שטראָם פון מענטשן האָבן כמעט פאַרשפּאַרט דעם וועג. מען איז עולה

9. זע טאָגצייטונג „דער טאָג", ניו־יאָרק, 15טער נאָוועמבער 1951.

געווען צו הערן אין יידיש די דיכטערס און דערציילערס פון „יונג־ישראל". דוד פינסקי דערציילט אויך פרטים וועגן פאַר־לויף פונעם צוזאַמענטרעף און שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף די איינדרוסקפולע רייד פון יונגן דיכטער משה יונגמאַן: „משה יונגמאַנס אָנגעשריבענע רעדע איז געווען אַ ליד אין פראָזע. ער האָט גערעדט פאַר דער גאַנצער גרופּע. געבראַכט איר קרעדאָ און סטימול. זיי לעבן דאָס טעגלעכע לעבן פון לאַנד אין עברית, אָבער זיי זינגען דאָס לעבן אין יידיש. משה יונגמאַן האָט באַטאָנט אין זיין רעדע אַז ווען די גרופּע יונגע שרייבערס זענען געקומען קיין ישראל אויסגעמאַטערטע פון קאַצעטן און וועלדער, צעטרייסלטע פון אונטערגעגאַנגענע גלויבנס און צערודערט פון דער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אונדז אין דער גאַנצער שאַרפ־קייט די פראַגע: מיט וואָס וועלן מיר קענען באַרעכטיקן אונדזער ווייטערדיקן קיום אַלס יחידים און אַלס שרייבערס? די תשובה איז געווען: אַלס יחידים אָננעמען יעדע אַרבעט וואָס מען קען קריגן, אַלס שרייבערס צו באַזינגען דאָס לעבן, דאָס אמתע פשוטע לעבן". „פאַר זיי האָט זיך אַנטפּלעקט ישראל אין איר גאַנצער דינאַמישקייט. כאַטעס שפּראָצן אַרויס איבער נאַכט, שליאַכן צינדן זיך איבער ווייטקייטן. יידישע פעלקער, נישט געזעענע און נישט געהערטע, קומען צוריק, קניפּן זיך אָן און וילן ווערן איין פאָלק. גבורה פון חלוצים און קינדער פון חלוצים". דאָס איז געווען דאָס געפיל פון דער יונגער שרייבער־גרופּע. זיי האָבן דערמיט אַריינגעשריבן אַ זייער אייגנאַרטיקן קאַפּיטל אין דער משפחה יידישע שרייבערס אין ישראל. און דאָס האָט אַזוי עמאָציאָנירט פילע קרייזן, ווייל זיי האָבן געקענט און געדאַרפט דינען אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע".

דוד פינסקי גיט צו: „פאַרוואָס קאָנען עס נישט טאָן די עלטערע יידישע שרייבער און דיכטער וואָס לעבן אין תל־

אביב? פאַרוואָס איז זיי נישט איינגעפאַלן אָפּצוהאַלטן אַ צוזאַמענקום אויף אַ טאָג און נאַכט און אָפּגעבן זיך אַ חשבון פון זייער זיין און טאָן? אָטעמען זיי לאַנד? אָטעמען זיי פאָלק? זיי וויינען און קלאָגן אויף דעם שווערן מזל פון יידיש, ווי חלוקה־יידן וואָס ווייסן נישט פון קיין פליכטן. די גאַנצע וועלט איז זיי שולדיק, אָבער זיי זענען גאָרנישט שולדיק דער וועלט״.

די לעבהאַפטיקע גרופּע „יונג־ישראל״ איז געווען אָרגאַ־ניזירט ביז די 60קער יאָרן. מען מוז אָבער אויך צוגעבן, אַז טראָץ דעם וואָס די גרופּע האָט אָנגעהויבן אָן אַ פּלאַטפאָרם און נאָך יאָרן פאַרלוירן אויך זייער אָרגאַניזאַציע־פאָרם, האָט אָבער זייער אויסשטראַל נאָך עקזיסטירט לענגערע יאָרן און האָט סטימולירט נישט ווייניק די שרייבער־משפּחה אין יש־ראל. נאָך היינט קען מען לייכט צוזאַמענרופן די פריערדיקע אָרגאַניזאַציע שרייבערס פון „יונג־ישראל״, וואָס זענען גרייט צו ברענגען צום אויסדרוק זייער אייגנאַרטיקן וועג.

## דער אָפּקלאַנג אין אויסלאַנד

מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז „יונג־ישראל״ האָט באַקו־מען אַ זייער וואַרעמע אויפנאַמע אין דער ישראלדיקער יידי־שער פרעסע און אויך אין די תפוצות. מיר וועלן זיך דאָ באַגרענעצן בלויז מיט עטלעכע באַמערקונגען פון די סאַמע שפּיצן פון די יידישע שרייבערס און קריטיקערס, וואָס שייך דער גרופּע. באַלד אין אָנהייב, שרייבט יעקב גלאַטשטיין („אידישער קעמפער״, 25 מאַי 1951, ניו־יאָרק), וועגן „די צוויי נייע דערציילער אין ישראל״, וועלכע זענען צוויי מיטגלידער פון „יונג־ישראל״ און זיי האָבן זיך באַטייליקט מיט זייערע שאַפונגען אין נומער 7 „די גאָלדענע קייט״, ווו ס׳איז געווען

אַ ספּעציעלע רובריק פאַר די מיטגלידער פון „יונג־ישראל״. גלאַטשטיין שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף צבי אייזנמאַן און אַברהם קאַרפּינאָוויטש און ער באַמערקט, אַז „זייער יידיש ווייזט אָן אַז זיי זענען געווען געטרייע לייענערס פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און אַז זיי האָבן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון אונדזער לשון. אייזנמאַנס „דער אַלטער אַנטיקוואַר״ און קאַרפּינאָוויטשעס „פּאַרגעס ניט״ — האָבן געשפּרייזט פעסט אין דער יידישער ליטעראַטור.

שמואל ניגער („דער טאָג״, 13.1.1952, ניו־יאָרק) באַשרייבט אין זיין גרויסן אַרטיקל די גאַנצע אַנטוויקלונג פון „יונג־ישראל״ און ער זעט אין דער גרופּע אַ גרויסע ליטעראַרישע דערגרייכונג; ער באַהאַנדלט זי גלייך ווי ער וואָלט געפונען אַ שלל רב. יעדן איינעם פון דער גרופּע גיט ער אַן אָפּשאַצונג פאַר זיין ליטעראַרישן בייטראָג. וועגן רבקה באַסמאַנס לידער: „שיינע לידער כאָטש אַזוי פּשוט און תמימותדיק״. ביי ה. בנימין — „פאַרנעמט דער ישראלדיקער פייזאַזש אַ גרויסן פּלאַץ אָבער ער איז מאָדערן״. ער דערמאָנט אברהם רינצלערס ציקל לידער „אונטערן דאַך פון סך הכל״: „ער האָט אייגנאַרטיקע איינפאַלן פון געשמאַק און פון שפּראַך״. און וועגן יאָסל בירשטיין: „איז ביי מיר קיין שום ספק נישטאָ, אַז ער איז געקומען צו זינגען און נישט צו זאָגן״. ש. ניגער זאָגט, אַז ער פילט מיט בירשטייננען, ווען ער זינגט: „ניט איך ספק, ניט איך פרעג, און נישט דערפאַר ווייל ס'איז דער טרוימער שוין אַוועק, נאָר ווי דער וויינגאָרטן איז זיכער אין זיין ווייִן, בין איך דאָ צו זיין״; ש. וואַרזאָגער: „כאָטש ער איז אַביסל פּרעטענציעז, אָבער זיינע לידער „צו איינער״, „צו גאַסט ביי דיינע ברעגן״ — וועקן האָפענונג, אַז ער האָט אין זיך עפּעס פון ים וואָס „האָט געשטורעמט מיט נאָך נישט געשריבענע לידער״; פון משה יונגמאַנס פּאָעטישקייט איז ער

שטאַרק באַאיינפלוסט און צייכנט אָן אַז משה יונגמאַנס לידער אין נומער 7 „די גאָלדענע קייט" זענען כמעט אַלע לידער פון אַ חלוץ, אַן ערד־אַרבעטער, אין זיין „אָדע צו דער קו" פילט זיך לירישע עכטקייט און וואָס איז נאָך וווּנדער־לעכער — הומאָר...

**„טראָג איך מיין מילך־לבנה אין אָפענעם עמער,**
**הענגט אַ צווייטע אויף שפּיץ פון אַ בוים —**
**אָבער מיינע איז שענער".**

פיל אויפמערקזאַמקייט גיט ער אָפּ די צוויי דערציילערס צבי אייזנמאַן און אברהם קאַרפּינאָוויטש, „ביידע מאָלן און דערציילן אַ זאַך קינסטלעריש, זענען זיי גענוי ווי זייערע חבֿ־רים, די פּאָעטן פון „יונג־ישראל", ווערט צו האָבן אַ היים פאַר זייער שאַפן, נישט קיין מעברות".

ש. ניגער דערמאָנט מיט אָנערקענונג א. סוצקעווערן, דער־פאַר וואָס ער האָט אָפּגעגעבן צייט און מי אויף צו גרינדן „יונג־ישראל". „ס'איז סימבאָליש וואָס סוצקעווער, איינער פון די מיטגרינדער פון „יונג ווילנע", לייגט אַזוי פיל מי צו פאַרזיכערן „יונג־ישראל", גלייך ווי ער זעט אין דעם זיין אייגענעם המשך".

ש. ניגערן עקבערט אַ פראַגע: „אין ישראל זענען זיכער איצט פאַראַן מער ווי צען אָדער עלף יונגע יידיש־שרייבערס. אָבער בלויז אַכט די צאָל דערציילערס און פּאָעטן איז געווען אין יגור ביי דעם „גרינדונגס־צוזאַמענטרעף". פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז מיר נישט קלאָר".

אויך א. לעיעלעס ווידמעט צוויי אַרטיקלען („דער טאָג", 15.10.1952 און 11.11.1952, ניו־יאָרק) צו אַנאַליזירן די אייג־נאַרטיקייט פון דער גרופּע „יונג־ישראל", פּאָעטן און דער־ציילערס, זיין איינדרוק איז אַז „די גרופּע האַלט זיך נאָענט

צו מדינת ישראל און גיט אונדז דאָס דאָרטיקע לעבן אין פֿאַרשידענע פֿאַזן".

ד"ר שלמה ביקל, דער באַקאַנטער ליטעראַטור־קריטי־קער, נעמט אויף מיט פֿיל וואַרעמקייט („דער טאָג", 28טער אָקטאָבער 1956) די ערשטע ביכער אין דער סעריע פֿון „יונג־ישראל": „אין שאָטן פֿון מולד" — די לידער פֿון משה יונג־מאַן און „די באַן" — פֿון צבי אייזנמאַן (קיבוץ יגור, 1956). ער זעט אין זיי יונגע און באַגאַבטע שרייבערס וואָס זענען עולה געווען אין מדינת ישראל.

אויך מלך ראַוויטש איז באַגייסטערט פֿון דער גרופּע „יונג־ישראל": „אָט די גרופּע מאַכט באַמיונגען ווייניקער אין דער ריכטונג פֿון אָרגאַניזאַציע, מער אין דער ריכטונג פֿון אָרקעסטראַציע".

ווען ס'איז דערשינען די זעלבשטענדיקע אויסגאַבע „יונג־ישראל" אין דעצעמבער 1954, חיפה, האָט איציק מאַנגער („דער וועקער", ניו־יאָרק, ערשטער מאַי 1955) געשריבן אַז „אין דעם מאָגערן זאַמלהעפֿטל באַטייליקן זיך אַ גאַנצע ריי יידישע פּאָעטן און דערציילערס מיט טאַלאַנט און דער עיקר איז פֿאַר אונדז אָנגעלייגט דער פֿאַרמעסט צו פֿאַרפֿלאַנצן דאָס יידיש־קינסטלערישע וואָרט אין דער אַלטנייער יידישער היים־לאַנדשאַפֿט. די יונגע פּאָעטן און דערציילערס האָבן דער־פֿילט ערד אונטער די פֿיס. דער נעכטיקער „ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט" האָט זיך פֿאַרענדיקט".

כ'האָב געבראַכט נאָר אַ טייל פֿון גרויסן בלומען־בוקעט וואָס די דעמאָלטיקע זיילן פֿון דער יידישער ליטעראַטור האָבן צוגעטראָגן צו דער דערפֿרייענדיקער דערשיינונג פֿון „יונג־ישראל". ס'האָט זיך געפֿילט אין זייער אָפּשאַצונג אַ גרויסע צופֿרידנקייט און דערהויבנקייט.

אַזוי איז אויפֿגענומען געוואָרן „יונג־ישראל".

## פילזייטיקייט פון דער קולטור־טעטיקייט

**זיי זענען נישט געקומען...**

איידער כ׳וועל ברענגען די פאַרשידענע אַספּעקטן פון דער יידישער קולטור־אַרבעט, וויל איך קודם כל באַרירן אַ פּראָ־בלעם וואָס איז נוגע אַ ריי יידישע שרייבערס וועלכע זענען נישט געקומען אין לאַנד אַריין נאָכן אַנטשטיין פון מדינת ישראל. מיר ווייסן אַז ישראל האָט געדינט אַלס אַ גרויסע צוציונגס־קראַפט פאַר גרויסע פאָלקסמאַסן, פון אָנהייב פאַר דער שארית הפליטה פון אייראָפּע און שפּעטער אויך פאַר יידן פון אַנדערע לענדער, אַזוי אַז זי איז אין אַ קורצער צייט רייך געוואָרן אין יידיש־רעדנדיקע קרייזן, צווישן זיי אויך אַ היפּשע גרופּע יידישע שרייבערס, קינסטלערס, טעאַ־טער־מענטשן, וועלכע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ ביסל פון דעם אַראָמאַט פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

איז כדאי צו באַמערקן אַז ווען כאָטש אַ קליינע גרופּע פון די גאָר וויכטיקע יידיש־שרייבערס אין אויסלאַנד וואָלט געקומען זיך באַזעצן אין ישראל, וואָלט עס פיל מיטגעהאָלפן צום פאַרבעסערן דעם מעמד פון יידיש דאָ אין לאַנד. געווען אויסנאַמען ווי: דוד פּינסקי, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין חיפה, און ווי נאָך אייניקע וועלכע זענען געקומען אויף אַ קורצער צייט נאָר, (אויף אַ 2—3 יאָר) ווי למשל מלך ראַוויטש, זלמן שניאור, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי א. אַנד. אינטערעסאַנט איז געווען דער פּרווו פון מלך ראַוויטש משפּיע צו זיין אויף אייניקע פון דער מזרח־וואַנט פון דער דעמאָלטיקער יידישער ליטעראַטור־וועלט, זיי זאָלן זיך משתּף זיין אין בנין פון דער מדינה און אין בנין פון דער יידישער קולטור דאָ אין לאַנד. די דאָזיקע פראַגע איז נאָך ערנסט נישט אויסגעפאָרשט גע־וואָרן, מ׳קען די זאַך נאָר צופעליק. עס קען זיין, אַז פיל זאַכן אויפן געביט פון יידיש אין ישראל וואָלטן אויסגעזען

אַנדערש, ווען אַ טייל פון דער גרויסער פּלעיאַדע יידיש־ שרייַ־בערס וואָלטן זיך אָפּגערופן אויף דעם גרויסן גאולה־שאַל וואָס האָט זיך געהערט בעת דעם ווידער־אויפלעבן אונדזער שטאַטלעכקייט; ווען זיי וואָלטן אַהערגעקומען, וואָלט אין די 50ער יאָרן נישט געשטאַנען קיין קאָנפליקט צווישן יידיש און העברעיש. דעמאָלט איז אין דער ניי אַנטשטאַנענער מדינה געווען אַ גרויסע געלעגנהייט פאַר דער יידיש־מחנה.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען אַ ריי בריוו פון מלך ראַוויטשן, וועלכער איז דאַן געקומען קיין ישראל אויף צוויי יאָר (1954—1956), געשריבן צו וויכטיקע שרייַ־בערס אויף דער טעמע.[10] כ'וויל דאָ ברענגען אייניקע קורצע אויסצוגן פון דעם בריוואויסטויש און די לייענערס וועלן אַליין קענען אַרויסציען די געהעריקע מסקנות.

דעם 2.6.1955 שרייבט מלך ראַוויטש צו שמואל ניגערן:
„איך וועל עס דעפינירן קורץ. ביז צום יאָר 1934, ווען כ'האָב פאַרלאָזט פּוילן, האָב איך זיך דאָרט גייסטיק „אויסגעלעבט" אין דער סביבה, און זינט איך בין דאָ אין ישראל האָב איך ווידער דעם געפיל פון אויסלעבן זיך. די צווישן־יאָרן זענען געווען וועגעטאַציע. אַ ביטערער אמת, ליידער. און איצט ווידער צו דער פראַגע צו אייך — פאַרוואָס קומט איר נישט אַהער? איר וועט אויפגענומען ווערן פון אַלע קרייזן. מען וועט זיך שטאַרק צוהערן צו אייך, איר וועט קיין רגע נישט האָבן קיין געפיל פון וועלכן נישט איז געוויסן־געצוואַנג".

אין זיין בריוו צו מלך ראַוויטשן, פון 18.10.1955 שרייבט שמואל ניגער, צווישן אַנדערן: „איך וועל אייך זאָגן עט־לעכע ווערטער וועגן מיין נישט פאָרן קיין מדינת ישראל: כ'האָב נישט מורא טאָמער וועל איך פון אַ „נאָן־זייאָניסט"

10. זע אַרכיוו מלך ראַוויטש 1540, אין ירושלימער אוניווערסיטעט, אָפּטיילונג — לוּאיס למד פרעמיע.

ווערן אַ „זייאָניסט", כ'האָב מורא אַז איך זאָל נישט ווערן אַן אַנטי־ציוניסט (אין דעם זינען פון די סאַברעס) און דאָס וואָלט איך נישט וועלן. מיין אמתע „אינהיביציע" איז אָבער גאָר אַן אַנדערע. איך וועל דאָך נישט קומען שטום זיין (דאָס וואָלט געווען אַ פּאָזע וואָס איז מיר פרעמד), ווער ווייס צי וועל איך האָבן דעם מוט צו זאָגן, אַז דאָס גאַנצע פּראָבלעם איז פאַר מיר נישט קיין העברעיש־יידיש פּראָבלעם נאָר ייד־גוי־פּראָבלעם, וואָס ווי יידיש איך בין, בין איך יידיש נישט אין דעם זינען פון אַנטי־גויים אָדער פון גוי־אימיטאַציע, נאָר אין טיפערן און אין אוניווערסאַלן זין ווי איר זייט און ווי זייער ווינציק צווישן אונדזערע קאָלעגן זענען, צום באַ־דויערן".

אין דעם בריוו פון א. לעיעלעסן צו מלך ראַוויטשן 14.12.1954, פילט זיך אַ זייער קענגערישע שטעלונג: „איר שרייבט וועגן קומען קיין מדינת ישראל, איר פרעגט: אויף וואָס וואַרט איר? דער ענטפער: איך וואַרט אויף גאָרנישט, נאָר אין מיין טיפעניש בין איך, ווייזט אויס, פשוט נישט שוה בשוה מיט דעם לאַנד, וואָס בויט אַ נייע געאָגראַפיע, אַ נייע „מלוכהשאַפט" פאַר וועלכע איך האָב גאַנץ ווינציק אָפּשיי און באַוווּנדערונג".

אין דעם בריוו פון מלך ראַוויטש (14.5.1956) צו יעקב גלאַטשטיינען ווערט געזאָגט: „פאַרוואָס קומט איר טאַקע קיינמאָל נישט צו פאָרן קיין מדינת ישראל? וואָס איז פאָרט די סיבה? נאָך אַלע זאַכן — אויב איר קענט עס בשום אופן אַליין נישט באַצאָלן — וואָלט אייך די הסתדרות דאָס זייער גרינג באַצאָלט. איך זע דאָ יידיש־שרייבער, וואָס דער־גייען נישט צו אייער קנעכל פון אייער פען — און איך ווייס אַז זייערע רייזעס זענען געצאָלטע".

יעקב גלאַטשטיין אין זיין ענטפער צו מלך ראַוויטשן (4.6.1956) שרייבט: „אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר די גוטע

ווערטער און אַפילו פאַר דער אַלטער קשיה, הלמאַי איך קום נישט קיין ישראל, איך האָב דערויף אַ פּוד תירוצים, אָבער זאָל מיינס איבערגיין — איין תירוץ וועט זיין גענוג: נישטאָ קיין געלט. אמת, מ׳דאַרף האָבן אַ עזות אייך צו דערציילן וועגן אַזאַ ענין, ווייל איר זענט דאָך דער אידעאַלער נישט־האָבער. זענט איר אָבער געבענטשט מיט אַ מעלה פון קאָנען זיין דער באַלעבאַס איבער אייער אייגן לעבן״.

דאָס איז נאָר אַ קליינער אָפּקלויב פון די וויכטיקע יידישע שרייבערס וועלכע האָבן, צוליב פאַרשידענע מאָטיוון, זיך אָפּגעהאַלטן, אַ מאָל מיט סימפּאַטיע, אַ מאָל מיט קעגנערשאַפט פון קומען קיין ישראל, כדי צו באַאיינפלוסן און ווערן באַאיינפלוסט. ס׳איז געווען אַ פאַרלוסט פאַר דער יידיש־קולטור אין ישראל. אָבער מיר האָבן דאָך זוכה געווען אַז אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון שרייבערס, פּאָעטן, עסייאיסטן און אַנדערע וויכטיקע קינסטלערס זאָלן עולה זיין קיין ישראל, זיך דאַ באַזעצן און פיל בייטראָגן צו שאַפן דעם „יש״ פון יידיש־קולטור דאָ אין לאַנד.



כדי צו פאַרשטיין די באַציונג צו יידיש אין ישראל, אייניקע יאָר נאָך דער אַנטשטייונג פון דער מדינה, איז וויכטיק צו דערמאָנען אַ סימפּאָזיום פון יידישע און העברעישע שרייבערס אין תל־אביב, איינגעאָרדנט דורך דעם שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַראיין, דעם 15טן פעברואַר 1955.[11] די טעמע איז געווען: „איין ליטעראַטור — צוויי שפּראַכן״. מען האָט גערעדט העברעיש און יידיש. יעדער האָט זיך אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג פריי און אין אַ זייער וואַרעמער אַטמאָספער.

11. זע „מיין לעקסיקאָן״ פון מלך ראַוויטש, דריטער באַנד, זייטן 449—453, אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט אין מאָנטרעאַל, 1959.

ס'איז זייער באַלערנדיק צו הערן, אין קורצן, די אַרויסגע־זאָגטע מיינונגען.

דער פאָרזיצער פון סימפּאָזיום איז געווען ראובן רובינש־טיין, דער איינציקער וואָס האָט גערעדט יידיש און עברית, וועלכער האָט ביים אָנהייב דערקלערט, אַז דאָס איז נישט קיין וויכוח, נאָר אַ סימפּאָזיום פון פאַרשידענע מחשבות אויף איין טעמע.

דער רעדאַקטאָר פון „דבר", דוד זכאי, האָט אָנגעוויזן אַז יידיש איז געבענטשט מיט אַן אַ שיעור פאָלקסטימלעכקייט. אַוודאי עפנט דאָס פאַרשווינדן פון יידיש, בעיקר אין אַמע־ריקע, טירן און טויערן פאַר דער אַסימילאַציע און הלוואי וואָלט יידיש געגאַנגען באַרג אַרויף אין די תפוצות.

דער שרייבער ישעיהו שפּיגל האָט אָנגעוויזן אַז יידיש לשון האָט אויפגעהאַלטן לעבעדיק דעם נאַציאָנאַלן חוט השדרה. מיר, יידיש־שעפערס, האָבן דאָס שטאָלצע מאָראַלישע רעכט צו רופן עברית: אונדזער ברודער.

פּראָפעסאָר דב סדן, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער יידיש־קאַטעדרע אין ירושלימער אוניווערסיטעט, האָט באַטאָנט אַז די צוויי־לשונותדיקייט ביי יידן איז אַלט ווי יידן, און ער האָט געזאָגט צווישן אַנדערן: „ווען יידיש האָט אָנ־געהויבן צו וואַנדערן (פון דייטשלאַנד צו מזרח), האָט עס באַלד אָנגעטראָפן אַזאַ פּרוכטבאָרן גרונט ווי דאָס חסידות. אין יידיש זענען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע ווערטן, וואָס האָבן אין אַן אַנדער לשון נישט געקענט געשאַפן ווערן".

דער שרייבער א. מ. פוקס האָט גערעדט וועגן דעם אַז דאָס קאַפּיטל פון ריב לשונות איז געשלאָסן און מען דאַרף האָבן מער התלהבות, מער שעפערישן אידעאַליזם.

דער העברעישער דיכטער און קריטיקער אברהם קריב האָט באַטאָנט, אַז עס איז אַ וווּנדערלעכער נס — צוויי

ביימער זענען די העברעישע און יידישע ליטעראַטור אין די לעצטע יאָרהונדערטער — צוויי ביימער וואָס וואַקסן אויף איין וואָרצל.

דער דיכטער אריה שמרי: „צוויי אַקערס זענען די צוויי שפּראַכן אין אונדזער איין ליטעראַטור ביי יידן — עס פּירט זיי איין האַנט, די האַנט פון פאָלק".

דער העברעישער דראַמאַטורג יהושע בר־יוסף האָט גע־רעדט וועגן יידישן שטעטל: „געווען אַ גאַנצע שטעטל־צי־וויליזאַציע מיט אייגענעם ליכט און קלאַנג, אייגענעם שבת־יום טוב און אייגענער וואָך און אַן אייגענער עטיק און זי איז געקומען פול צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור אין יידיש און מיר דאַרפן אַ סך פון דאָרטן געוואָר ווערן און אַ סך פון דאָרט לערנען".

דער שרייבער מלך ראַוויטש האָט פאַר זיך געשטעלט גרויסע אויפגאַבן, זאָגנדיק, אַז די יידישע ליטעראַטור דאַרף פאַר אירע לייענער־מאַסן איבער כל התפוצות ישראל פּאָפּולאַ־ריזירן די גרויסע ווערק פון מאָדערנעם עברית און דאָס נעמ־לעכע דאַרף די עברית־ליטעראַטור טאָן מיט די וויכטיקע ווערק פון יידיש. אַזוי ווי די עברית־ליטעראַטור איז די ערשטע וואָס זי פאַרבינדט די גרויסע ספרדישע עדות אין מדינת ישראל, האָט זי נאָך אַ באַזונדערע אויפגאַבע צו דערנענטערן זיי דורך איבערזעצן פון יידיש צו דער מענטאַליטעט פון די אַשכנזישע עדות.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויספירלעכער אויף דעם אויבן דערמאָנטן צוזאַמענטרעף פון די יידישע און העברעישע שרייבערס, כדי בולטער צו ברענגען צום אויסדרוק די טענ־דענץ וואָס האָט שוין עקזיסטירט אין די ערשטע יאָרן פון מדינת ישראל צו זוכן אַ מיטאַרבעט צווישן די ביידע מחנות.

**ווּקס פון יידיש־רעדנדיקע**

מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל זענען די ערשטע שטראָמען פון די נייע עולים געקומען פון אייראָפּע. די טויזנ־טער משפחות פון דער שארית הפליטה האָבן אָנגעפילט די שטאָטישע פאַרלאָזטע הייזער פון די אַראַבער, ווי אויך אַ טייל פאַרלאָזטע הייזער אין די דערפער. דער קלאַנג פון דער יידישער שפּראַך האָט זיך געהערט אין דער אויפלעבנדיקער מדינה. אַזוי למשל, האָבן זיך, אין יפו און אומגעגנט אין אַ קורצע צייט באַזעצט פיל טויזנטער יידיש־רעדנדיקע משפּ־חות. דאָס זענען געווען יידן פון רומעניע, יידן פון פוילן און פון אַנדערע ערטער פון מזרח־אייראָפּע. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין דער געגנט פון חיפה און טייעלוויוו אויך פון ירו־שלים. דער עולים־שטראָם האָט אויך דערגרייכט גאַר אַ סך אַנדערע פונקטן פון לאַנד, אין די אַלטע מושבות, טייעלוויוו אין די אַנטוויקלונגס־שטעטלעך און אין דער לאַנדווירטשאַפט, אָבער די עיקר־קאָנצענטראַציע פון אַט די נייע עולים איז פאָרגעקומען אין די דריי הויפּטשטעט און דאָ האָט טאַקע די יידיש־רעדנדיקע מאַסע ממש אויפגעצווּנגען זיך צו באַנוצן מיט דער יידישער שפּראַך, כדי זיי לייכטער מאַכן דעם אויפ־נעם־פּראָצעס אין דער נייער מדינה. די געזעלשאַפטלעכע און אויך די פּאַרטייאישע פאַקטאָרן האָבן אַלע זיך באַנוצט מיט יידיש, כדי צו שאַפן דעם קאָנטאַקט מיט די ניי־אָנגעקומענע און כדי צו קענען זיי באַווירקן.

דאָ דאַרף מען צוגעבן, אַז נאָך די ערשטע גרויסע שטראָ־מען פון דער אייראָפּעישער שארית הפליטה האָבן אָנגעהויבן צו קומען שטראָמען נייע עולים פון די מוסולמענישע און אַראַבישע לענדער. דער צוזאַמענטרעף פון די מזרח־אייראָ־פּעישע עולים מיט די עולים פון די מוסולמענישע און אַראַ־בישע לענדער האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דער מדינה באַזונדערע

האַרבע פּראַגן, ווי אַזוי צו שאַפן פון די אַלע צונויפגעזאַמלטע שבטים איין פאָלק, איין איינגעפונדעוועטע געזעלשאַפט. די דערשיינונג האָט אָבער נישט אָפּגעשוואַכט דעם געאָגראַפישן דרייעק: תל־אביב—חיפה—ירושלים און מ׳האָט געדאַרפט פירן אַ ברייטע יידיש־קולטור־טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן.



ווען מען פאַרגלייכט די יידיש־קולטור־אַרבעט פאַר דער אַנשטייונג פון דער מדינה מיט דער תקופה פון די לעצטע 20 יאָר אין מדינת ישראל, באַמערקט מען גלייך, אַז כמעט אויפן גאַנצן פראָנט פילט זיך אַ פאַרבעסערטער קלימאַט לגבי יידיש. אמת, דער יונגער דור (געגוי ווי אין די תפוצות) איז ווייט פון רעדן יידיש. מוז מען טאַקע מאַכן גרויסע אָנשטרענונגען אַריינצוברענגען יידיש נישט נאָר אין די יידיש־רעדנדיקע קרייזן, נאָר אויך צוציען נייע קאַדערן. דאָס אַריינ־ברענגען אין דער יידיש־מחנה נייע קאַדערן איז וואָס אַן אמת קאָמפּליצירט אָבער נישט האָפנונגסלאָז. אין יאָר 1981 זענען טאַקע געמאַכט געוואָרן ערנסטע פּרווון אויף דעם געביט.

דאָס ערגסטע פאַר יידיש איז דאָס, וואָס די יידישע מש־פחה ווערט אויסגעלייזיקט פון יידיש־קענטעניש. שטייט בכן דאָס פּראָבלעם, וואָס קען מען טאָן כדי דער יונגער דור, אָדער מיטל־דור זאָל אָנהייבן זען די נוצלעכקייט צו קענען — אויסער עברית אויך די צווייטע שפּראַך — יידיש, וועלכע פאַרמאָגט געוואַלדיקע יידישע גייסטיקע אוצרות, וואָס האָבן אין משך פון דורות אויסגעשליפן די יידישע אייגנאַרטיקייט.

כ׳וויל דאָ ברענגען בלויז אַ טייל פון דער קולטור־טע־טיקייט וואָס ווערט געפירט אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד: דער „בית לייוויק” אָרדנט איין יעדע וואָך ליטעראַרישע אָוונטן (מאָנטיק) און אויך קינסטלערישע אָוונטן (יעדן מוצאי שבת);

קרוב צו 40 יידיש־קלובן (אַפּילירט צום קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור אין ישראל) איבערן לאַנד פירן דורך רעגלמעסיק ליטעראַרישע און קינסטלערישע אונטער־נעמונגען. אָבער די אַלע אימפּרעזעס ציען צו בעיקר דעם על־טערן יידיש־רעדנדיקן דור. דאָס אַלץ איז נויטיק און נוצלעך. מ׳דאַרף אָבער אויך טראַכטן וועגן איבערגעבן יידיש דעם יינגערן דור אין ישראל. לעצטנס ווערן אויף דער איניציאַטיוו פון וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור געמאַכט שריט צוצוקומען אויך צום יינגערן דור, צוגרייטן פאַר זיי יידישע קולטור־פּראָגראַמען אין אַ מאָדערנעם סטיל.

אויב מיר האַלטן פאַר ריכטיק אַז די פאָלקסטימלעכע קאָמפּאָנענטן פון דער יידיש־קולטור ווי: מוזיק, פאָלקלאָר, טעאַטער א. אַנד. מוזן פאַרנעמען דעם צענטראַל־פּלאַץ אין דעם נייעם פאַרמעסט אויסצובערייטערן די קאַדרען אין ישראל פאַר יידיש־קולטור, לייגט דאָס אַרויף אַ גרויסע אחריות אויף יידיש ־קולטור־עסקנים אין ישראל. זיי דאַרפן געפינען די פּאַסיקע מעטאָדן און מיטלען צוצוציען דעם יונגן ישראלדיקן דור צו יידיש.

אַ גוט יידיש בוך, יידישע פּרעסע און יידיש-לימוד זענען צוגעפּאַסטע מיטלען דערצו, אָבער זיי אַליין זענען נישט גענוג. עס מוז עטאַבלירט ווערן אַ גוט יידיש טעאַטער. ישראל האָט נאָך אַן ערנסטן פּאָטענציאַל באַזוכערס, וואָס לעכצן נאָך אַ גוטן און עכטן יידיש־טעאַטער.

ווען מיר מאַכן אַ קורצן איבערזיכט וואָס ס׳איז געשען מיטן יידישן טעאַטער זינט דער אַנטשטייונג פון דער מדינה,[12] נישט אַריינגייענדיק אין פיל פּרטים, קען מען זאָגן אַז דאָס יידיש־טעאַטער האָט געהאַט אויך גוטע יאָרן: דער „גאָלדפאַדן־

12. זע א. ליס: „אין זכות פון וואָרט״, י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב 1969, זייט 269.

טעאַטער" מיט אַרטיסטן וועלכע זענען עולה געווען אין די 50ער יאָרן פון רומעניע און פוילן; ס'האָט זיך אויך אויסגעצייכנט דער וויכטיקער אַקטיאָר און רעזשיסער יעקב מאַנסדאָרף; און דעסגלייכן דאָס טעאַטער פון דזשיגאַן און שומאַכער, וועלכע האָבן אַ צייט לאַנג דאָמינירט אויף דער ישראל־בינע. נאָכן טויט פון שומאַכערן האָט שמעון דזשיגאַן ממשיך געווען מיט זיינע אומפאַרגעסלעכע פאָרשטעלונגען, מיט זיין הומאָר און לעבהאַפטיקייט. אין זיין אויטאָביאָגראַפישן בוך: „דער כוח פון יידישן הומאָר" האָט דזשיגאַן איבערגעגעבן אין אַ פאַרכאַפנדיקער פאָרם וועגן זיין טעאַטראַלער קאַריערע אין משך פון 40 יאָר.

אויסער די אויבנדערמאָנטע אַקטיאָרן פלעגן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן דערשיינען אויף ישראל־בינעס געסט פון אויסלאַנד ווי: זיגמונט טורקאָוו ע"ה, ליאַ קעניג, יוסף בולאָוו, יוסף ווייסליץ, סידאָר ביעלאַרסקי א. אַנד. באַזונדערס איז צו דערמאָנען אַז דער וואָרטקינסטלער הערץ גראָסבאַרד איז שוין זינט אַ שיינע פאָר יאָר אַ תושב אין ישראל.

במשך פון דער גאַנצער תקופה האָבן כסדר געשפּילט פאַרשידענע, טייל מאָל זייער גרויסע, טעאַטער־גרופּן וועלכע האָבן געצויגן אַ פּובליקום, זיי האָבן אָבער צום באַדויערן נישט צוגעטראָגן קיין גאָר גרעסערן בייטראָג צום יידישן טעאַטער אין ישראל.

זייט 10 יאָר שטייט אויפן סדר היום אין ישראל די פראַגע פון גרינדן אַן ערנסטן יידישן טעאַטער. געווען פרוּוון אָבער אָן דערפאָלג. מען דאַרף אָבער נישט מיד ווערן ווייטער צו זוכן אַן אויסוועג פאַר דער פראַגע.

אין די 80ער יאָרן שטייט נאָך דאָס האַרבע פּראָבלעם: ווי אַזוי דרינגט מען אַריין אין דעם ישראל־ראַדיאָ און טעלעוויזיע אַ פּאַסיקן פּראָגראַם אין די קאַנאַלן פון מאַסן־אויפ־

קלערונג. דאָס איז איינע פון די סאַמע אַקטועלסטע פראַגן פאַר דער גאָר נאָענטסטער קולטור־אַרבעט און מען דאַרף זי נישט אונטערשעצן. די פראָגראַמען אין ראַדיאָ און טעלעוויזיע װעלן דאַרפן שטיין אויף אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ, וואָס זאָל פאַרשאַפן כבוד דער יידיש־קולטור.

**ליטעראַרישע פרייזן**

אַ באַזונדער וויכטיק קאַפּיטל זענען די ליטעראַרישע פרייזן אין ישראל, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טוב פאַר דער יידישער קולטור און אויך אין אַ דערמו־טיקונג פאַר יידישע שרייבערס. מיר וועלן דערמאָנען בלויז די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע פרייזן.

דער איציק מאַנגער־פּרייז, געגרינדעט דורך מאיר ווייס־גאַלן ז״ל און שלום ראָזענפעלדן יבדל״א. דער לעצטער, איינער פון די וויכטיקסטע זשורנאַליסטן אין ישראל און פון די בולטסטע קולטור־טוערס אין לאַנד, איז דער רוח חיה פון דאָזיקן פּרייז; דער יעקב פיכמאַן־פּרייז פאַר העברעישע און יידישע שאַפונגען, געגרינדעט דורכן וועלטפאַרבאַנד פון בע־סאַראַבער יידן; דער ליטעראַטור־פאָנד א. נ. פון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים; דער אליעזר פּינעס ליטעראַטור־פּרייז;

די ליטעראַטור־פּרייזן ביים יידישן שרייבער־פאַראיין, און ביים וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור, ווי אויך דער פּרייז פון ראש הממשלה פאַר אַ ליטעראַרישער שאַפונג אין יידיש געגרינדעט אויף דער איניציאַטיוו פון יידיש־קאָ־מיטעט אין ישראל.

**יידיש אין ראַדיאָ „קול־ישראל״**

מיר ווילן אונטערשטרייכן די גרויסע וויכטיקייט פון דער ראַדיאָ־שעה אין יידיש אין „קול־ישראל״. די דאָזיקע ראַדיאָ־

אוידיציע באַדינט הונדערטער טויזנטער יידיש־רעדנדיקע אין ישראל. דעסגלייכן גיט „קול־ישראל" יידישע פּראָגראַמען קרוב צו צוויי שעה יעדן טאָג פאַר די לענדער אין די תפוצות.

**פון יידיש־קאָמיטעט ביזן וועלטראַט פאַר**
**יידיש און יידישער קולטור**

**ערשטע שריט**

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָבן מיר געזען ווי אַזוי ס'איז בהדרגהדיק געוואָקסן דער מעמד פון יידיש אין ישראל. מיר ווילן לגמרי נישט אָפּלייקענען, אַז אין אָנהייב פון די 70ער יאָרן האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין אַ צענטראַליזירנ־דיקן כוח וואָס זאָל געבן אַ גרעסערן פאַרמעסט דער יידיש־קולטור אין ישראל. און פון דער צווייטער זייט — כאָטש ס'האָט אויפגעהערט די קעגנערשאַפט צו יידיש — האָט לגבי יידיש געהערשט אַ געוויסע אַפּאַטיע. מ'האָט געפילט אין דער ישראלדיקער קולטורלופט אַז ס'נויטיקט זיך אַן איניציאַטיוו צו שטאַרקן יידיש אין ישראל און דערמיט אויך באַאיינפלוסן די גלות־לענדער, ווו די יידיש־קולטור האָט אָנגעהויבן אין אַ שנעלן טעמפּאָ צו פאַרלירן אירע פּאָזיציעס, איר השפעה און אָנזען אין יידישן לעבן. די שפּראַכן־אַסימילאַציע האָט גע־בושעוועט אומעטום און מען האָט מער נישט געקענט גיין אין די אויסגעטראָטענע וועגן.

איך דערמאָן זיך, אַז מיינע ערשטע שמועסן אין יאָר 1970 מיט פּראָפ. דב סדן, אַהרן צייטלין און אברהם סוצ־קעווער האָבן געבראַכט צו דער מסקנה, אַז ס'איז וויכטיק אין ישראל זאָל אַנטשטיין אַ קאָמיטעט פאַר יידיש וועלכער

זאָל אַדורכפירן אַ פּילזייטיקע אַרבעט צו שטאַרקן דעם פּרעס־טיזש פון יידיש אין לאַנד, פאַרזיכערן אַ סיסטעמאַטישע קול־טור־אַרבעט דורך שאַפן יידישע קלובן אין לאַנד, דערמוטיקן יידיש־לימוד אין די שולן, דערמוטיקן און העלפן די שריי־בערס, נייע עולים, אַרויסגעבן אַן אויסגאַבע, וועלכע זאָל ברענגען צום אויסדרוק דעם פּראָגראַם פון קאָמיטעט. ס'איז אויך געשטאַנען אַ פראַגע צו העלפן יידישע קולטור־אַרבעט אין פאַרשיידענע לענדער ווו ס'האָט זיך געפילט אַ גרויסע אָפּגעלאָזנקייט.

ווען מיר באַטראַכטן דעם דאָזיקן פּראָגראַם איצט, צען יאָר נאָך דעם ווי ער איז פאָרמולירט געוואָרן, איז קלאָר אַז די ערשטע שריט זענען געמאַכט געוואָרן מיט פאָרזיכטי־קייט, און דאָס ראשית כל כדי פעסטצושטעלן צי ס'וועט זיך געפינען אַן ערנסטער קרייז פון ביידע מחנות, יידיש־רעדנדיקע און חובבי עברית, וואָס זאָלן וועלן שטאַרקן יידיש אין ישראל. אין אַ גאָר קורצער צייט איז צוגעטראָטן צו דער אויבן דער־מאָנטער איניציאַטיוו אַ זייער פילפאַרביקע גרופּע: יצחק יאַנאַ־סאָוויטש (וועלכער איז ספּעציעל איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין דער רעדאַקטאָר פון די פּובליקאַציעס פון קאָמיטעט), יודל מאַרק ז"ל, ב. י. מיכלי, י. אברך, ק. א. ברתיני, א. ליס, י. הרכבי, י. סטאָלאַרסקי, ז. באַומגאָלד, חיים פינקעלשטיין, מ. חלמיש, פייוול זיגעלבוים, י. בעקער, ד"ר מ. יותם, ח. באַביץ, ד. שטאָקפיש, יוסף קערלער, מאיר חרץ א. אַנד. און מיט זיי איז געשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור. פּראָפ. דב סדן און יצחק קאָרן זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצערס פונעם קאָמיטעט.

נאָך אַ קורצער צייט האָט דער קאָמיטעט פעסטגעשטעלט זיין טעטיקייט. אין ישראל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע פון יידישער דערציונג, יידישן לימוד און ס'איז געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער פּרווו אָריינצופירן דעם יידיש־לימוד אין

די מיטלשולן. ס׳איז דערגרייכט געוואָרן דער באַשלוס פון משרד החינוך, אַז יעדער תלמיד פון אַ מיטלשול האָט דאָס רעכט אויסצוּוויילן יידיש אַלס לימוד־קעגנשטאַנד. אויסער דער מיטלשול אין קרית חיים, ווו מען האָט נאָך פון פריער געלערנט יידיש, איז איצט צוגעקומען אַ ריי מיטלשולן, וועלכע האָבן אויפגעעפנט קלאַסן פאַר יידיש־לימוד: באר־שבע (מיט דריי מיטלשולן), חולון, גבעתיים. אויך אין עטלעכע קיבוצים האָט מען איינגעפירט יידיש־קורסן. פון דער ערשטער מינוט אָן האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויפן מאַנגל אין יידיש־לערערס, וואָס דאָס האָט נישט ווייניק טאָרמאַזירט די אַרבעט.

אַ גאָר פאַרצווייגטע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער פאַרשפּרייטער נעץ פון יידיש־קלובן. ס׳זענען אַנטשטאַנען קרוב צו 40 אַזעלכע קלובן אין וועלכע טויזנטער יידיש־רעדנדיקע האָבן געפונען זייער ווינקל איין מאָל און צוויי מאָל אין דער וואָך און זיך געקענט דאָרט קולטורעל אויס־לעבן. מען האָט אויך דערמוטיקט איינצואָרדענען קורסן צו לערנען יידיש פאַר דערוואַקסענע, אָבער דאָס זענען בלויז געווען באַשיידענע פּרוּוון. דער קאָמיטעט האָט אויך דער־מוטיקט די עקזיסטירנדיקע נאָכמיטאָג־שול פון אַרבעטער־רינג (תל־אביב), ווו עטלעכע צענדליק קינדער באַקומען אַ יידיש־לימוד.

דאָ דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז שוין אין ערשטן עטאַפּ פון יידיש־קאָמיטעט האָט זיך געמערקט אַ וואַרעמע באַציונג פון פאַרשידענע גורמים אין לאַנד. די ערשטע שריט האָבן דער־מוטיקט צו ווייטערדיקע עטאַפּן אין דער קולטור־אַרבעט.

## פּובליקאַציעס און ליטעראַרישע פּרייזן

דער קאָמיטעט האָט גענומען די איניציאַטיוו זיך צו ווענדן צו דער ישראל־רעגירונג, אַז מען זאָל עטאַבלירן אַ פּרייז פון

ראש הממשלה פאַר אַ שאַפונג אין יידיש, אַזוי ווי דאָס ווערט געטאָן פאַר די העברעישע שרייבערס. אין צייט ווען גאָלדע מאיר ע״ה איז געווען ראש הממשלה איז די ווענדונג אָנגענומען געוואָרן. די זאַך האָט אַרויסגערופן אין לאַנד און אין אויסלאַנד גרויס צופרידנקייט צווישן די יידיש־רעדנדיקע און האָט געבראַכט פיל פּרעסטיזש און אָנערקענונג פאַר דער יידיש־ליטעראַטור, וועלכע איז יאָרנלאַנג געשטאַנען ווי אין אַ ווינקל. במשך 8 יאָר האָט יעדעס יאָר איינער פון די אָנגעזעענע יידישע שרייבערס באַקומען דעם דאָזיקן פּרייז. מיט דער צייט האָט דער פּרייז זיך דערוואָרבן אַ בכבודיקן פּלאַץ צווישן די יידישע שרייבערס און קולטור־עסקנים און צוגעטראָגן גרויס פּרעסטיזש דעם יידיש־קאָמיטעט. ס׳האָבן זיך געווענדט צו אים מעצענאַטן כדי צו עטאַבלירן ליטעראַרישע פּרייזן, אַזוי למשל דער פּרייז „בני מרדכי״ און אַנדערע.

דער יידיש־קאָמיטעט האָט אויך איניצירט, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, דאָס אַרויסגעבן די ערנסטע אויסגאַבע „ביי זיך״ אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק יאַנאַסאָוויטש. אויסער דעם גיט ער אַרויס אַ חודש־אויסגאַבע: „פאָלק, וועלט און מדינה״, וואָס איז אַ מיטל צו פאַרזאָרגן די יידישע פּרעסע אויף דער וועלט מיט פאַסיקע אַרטיקלען, ווי אויך די אויסגאַבע „יידיש־ידיעות״, קולטור־אינפאָרמאַציע פון 14 לענדער.

דער יידיש־קאָמיטעט האָט אויך אָפּגעשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם יידיש־קרייז ביים ירושלימער אוניווערסיטעט, אַרויסצוגעבן אַ ריי ביכער בעיקר פון וויכטיקע צוויי־שפּראַכיקע יידישע שרייבערס וועמענס יידישע יצירות זענען היינט כמעט נישט צו קריגן אָדער זענען בכלל נישט דערשינען אין בוכפאָרם. די סעריע האָט אַנטהאַלטן: יצחק באַשעוויס־זינגער, א. סוצקעווער, ש. י. עגנון, אורי צבי גרינבערג (2 בענדער), י. מ. בערדיטשעווסקי (בן־גריון). דער קאָמיטעט האָט אויך

שפּעטער אַרויסגעגעבן 12 בענדער פון די כתבי־יד וואָס ס'האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך די יידישע שרייבערס פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס איז שטאַרק אָפּגעשאַצט געוואָרן ווי אַ פּיאָנע־רישער אויפטו. דאָס האָט דערמוטיקט די דאָזיקע שרייבערס צו געפינען אין ישראל זייער ליטעראַרישן קלימאַט און האָט געשאַפן פאַר זיי ווייטערדיקע מעגלעכקייטן צו דרוקן זייערע נייע שאַפונגען. נאָך דער סעריע פון די שרייבערס פון סאָוויעט־רוסלאַנד איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ סעריע וויכטיקע ביכער פון יידישע שרייבערס.

**די פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד**

אין די יאָרן 1973—1974 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ נאָענטע פאַרבינדונג מיט יידישע קולטור־גרופּן אין פאַרשי־דענע קהילות אויף דער וועלט.

דער יידיש־קאָמיטעט אין ישראל האָט אַרויסגעוויזן פיל אינטערעס פאַר די אויבנדערמאָנטע קולטור־גרופּן און דאָס צוליב עטלעכע טעמים: א) די יידישע קולטור־קרייזן אין די תפוצות האָבן געהאַלטן אַז מדינת ישראל דאַרף זיי געבן אָנערקענונג און הילף צו שטאַרקן די יידיש־קולטור. ב) יידיש וועט באַקומען מער פּרעסטיזש אין דער וועלט אויב ישראל וועט אויספירן אַ מער אַקטיווע ראָל אויף דעם געביט. ג) ס'דאַרף געשאַפן ווערן אין ישראל אַ צענטראַלער אַנשטאַלט וועלכער זאָל דערמוטיקן אומעטום די יידיש־אַקטיוויטעטן.

די דאָזיקע איינשטעלונג האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן און שוין סוף 1974, אָנהייב 1975 האָט דער יידיש־קאָמיטעט גענומען די איניציאַטיוו צונויפצורופן קיין ירושלים אַ וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידיש־קולטור און ברענגען דערמיט אַ גוטע בשורה דער יידישער מחנה אין דער וועלט. כמעט אין דער

זעלבער צייט איז אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מיט דער מיטהילף פון דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר, געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג צו רופן אין ישראל אַ קאָנפערענץ. אויך פון אַנדערע לענדער זענען געקומען זייער וואַרעמע אָפּרופן אויף דער איניציאַטיוו פון ייִדיש־קאָמיטעט אין ישראל. ס'איז נישט אַדורך מער פון זעקס חדשים און פון 14 לענדער זענען אָנגע־קומען מיטטיילונגען, אַז זיי באַגריסן דאָס צונויפרופן די ייִדיש־קאָנפערענץ אין ירושלים.

דאָ דאַרף מען באַמערקן, אַז ס'האָט זיך אויך געפונען אַ קליינע גרופּע, וואָס האָט אָפּגעפרעגט די מעגלעכקייט צו רופן אַזאַ וועלט־קאָנפערענץ אין ישראל. שוין אָפּגערעדט פון די בייזע רייד וואָס האָבן זיך געהערט פון סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער עליה פון 20 וויכ־טיקע ייִדישע סאָוויעטישע שרייבערס. די קעגנערשאַפט צו דער קאָנפערענץ האָט אָבער אַרומגענומען בלויז אַ קליינע מינדערהייט. דאַקעגן זענען געקומען פאַדערונגען מצד קולטור־גרופּן וועלכע האָבן געוואָלט זיך באַטייליקן, נאָר צוליב סכ־סוכים האָט מען זיי נישט געקענט אַנטקעגנקומען. ס'איז געווען באַשלאָסן, אַז פון יעדן לאַנד קען קומען נאָר איין איינצלנע דעלעגאַציע, וואָס ווערט באַשטימט דורך דער מער־הייט אין געגעבענעם לאַנד.

נאָך דעם ווי זי איז איין מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן, כדי צו דערגאַנצן די נויטיקע צוגרייטונגען, איז די ייִדיש־קאָנפע־רענץ פאָרגעקומען אין די טעג פון 23טן ביזן 26טן אויגוסט 1976 אין ירושלים,[13] עס זענען צו איר געקומען דעלעגאַטן פון 15 לענדער.

מיר שיינט, אַז ס'איז נישט געווען איבערגעטריבן, ווען כ'האָב נאָך דער ייִדיש־קאָנפערענץ געשריבן, אַז אויך ווען מען

13. זע באַריכט פון דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור, אַרויסגעגעבן פון וועלטראַט פאַר ייִדיש, 1977, תל־אביב.

וויל בלייבן ביי אַ ניכטערער אָפּשאַצונג און נישט נוצן קיין איבערגעטריבענע ווערטער, מוז מען דאָך אָנערקענען דעם פֿאַקט, אַז די ייִדיש־קאָנפֿערענץ אין ירושלים איז געווען אַ היסטאָרישער צוזאַמענטרעף צווישן ייִדיש און עברית. די טרעפֿונג אין ירושלים, דער אייביקער שטאָט פֿון ייִדישן פֿאָלק, האָט, אָן ספֿק, אַרויסגערופֿן אין דער ייִדישער וועלט גרויס צופֿרידנקייט, וואָס דערמיט ווערט געמאַכט אַן ערנסטער שריט צו פֿאַרענדיקן דעם ביטערן שפּראַכנקאַמף ביי ייִדן.

די ייִדיש־קאָנפֿערענץ אין ירושלים האָט צוגעגעבן פּרעס־טיזש צו ייִדיש און האָט אויך אָנגעצייכנט אַ וויכטיקן אַר־בעטספּלאַן. די קאָנפֿערענץ האָט אויסגעקליבן אַ צענטראַלע אינסטאַנץ, דעם וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור מיטן זיצאָרט אין ישראל, און האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ רירנדיקן אויפֿרוף צו דער ייִדישער וועלט־עפֿנטלעכקייט צו שטאַרקן ייִדיש און די ייִדישע קולטור.

דער וועלטראַט איז געווען גערופֿן געוואָרן יעדע צוויי יאָר (1978 און 1980), ער האָט אָנגעצייכנט די פּריאָריטעט־פּראָיעקטן וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר אים.

מיר וועלן דאָ נישט ברענגען קיין אויספֿירלעכן באַריכט וועגן דער ייִדיש־קאָנפֿערענץ אין ירושלים ווי אויך וועגן די סעסיעס פֿון וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. כ'וועל זיך נאָר באַנוגענען מיט אונטערשטרייכן, אַז מיט דער צייט איז דער וועלטראַט אויסגעוואָקסן צו דער וויכטיקסטער וועלט־רעפּרעזענטאַנץ פֿון ייִדיש־קולטור און אַלס צענטער פֿאַר 14 ייִדיש־קאָמיטעטן אין די לענדער. ס'איז דורכגעפֿירט גע־וואָרן אַ באַדייטנדיקע און פֿאַרצווייגטע אַרבעט, די ביוראָ האָט נישט נאָר איניצירט עטלעכע אויסגאַבעס (וועלכע כ'האָב דערמאָנט אויף אַן אַנדערן פּלאַץ), זי האָט אויך דערמוו־טיקט ייִדיש־לימוד אין שולן, פֿאַרפֿעסטיקט אַ גרויסע קייט פֿון ייִדיש־קלובן, איינגעאָרדנט קורסן פֿאַר לערערס. גאַנץ

באַזונדערס דאַרפֿן דאָ דערמאָנט ווערן דער ייִדיש־לערערקורס אין מכון גרינבערג, וועלכער איז דורכגעפֿירט געוואָרן זומער 1981 אין ירושלים. דאָס איז געווען אַ פּיאָנערישע איניציאַטיוו און האָט אַרויסגערופֿן גרויס ענטוזיאַזם אין פֿיל לענדער; ס'איז אויך געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער פּרוּוו צוזאַמען מיט דעם אָפֿענעם אוניווערסיטעט (האוניברסיטה הפתוחה) פֿעסט־צושטעלן צי ס'איז פֿאַראַן אַן ערנסטער קאַדער פֿאַר אַ פּראָיעקט פֿון ייִדישן לימוד. אויף אַ ווענדונג דורך דער ישׂראל־פּרעסע האָבן זיך אָפּגערופֿן 261 קאַנדידאַטן וואָס זענען גרייט צו לערנען ייִדיש אין דעם אָפֿענעם אוניווערסיטעט. אינטערע־סאַנט זענען אייניקע פּרטים פֿון די פֿרעגבויגנס, וואָס די קאַנדידאַטן האָבן אויסגעפֿילט: 50% — געבוירן אין ישׂראל; 50% — אין חוץ לארץ; 59% פֿון די קאַנדידאַטן בעטן אַן אָנפֿאַנגס־קורס; — 22%, אַ פֿאָרגעשריטענעם קורס; 34% בעטן אויך ייִדישע ליטעראַטור; בילדונג: 64% פֿון זיי האָבן העכערע בילדונג; 32% — מיטלבילדונג. אינטערעסאַנט וועגן זייער עלטער: 33% געבוירן אין יאָר 1951 און ווייטער; 38% — געבוירן אין די יאָרן 50—1936.

די פּרטים באַווייזן אַז ס'איז פֿאַראַן אַן ערנסטער קאַדער פֿון פֿאַרשידענע שיכטן, אויך פֿון ייִנגערע קרייזן, אין ישׂראל, וועלכע זענען גרייט צו לערנען אָדער פֿאַרבעסערן זייערע קענטענישן אין ייִדיש.

אפשר איז אויך וויכטיק צו באַצייכענען אַז דער וועלטראַט האָט גענומען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע פֿון יונגטלעכע וועלכע ווילן קענען מער די ייִדיש־קולטור. פֿאַראַן דערמוטיקנדיקע אויסזיכטן דערצו. דער ייִדיש־קאָמיטעט האַלט אַז מען טאָר נישט משלים זײַן אַז דער יונגערער דור זאָל איבערשפּרינגען ייִדיש. דורך ייִדיש־לימוד און צוציען יוגנט־לעכע קרייזן צו אָרגאַניזירטער ייִדיש־קולטור־אַרבעט קען מען דערגרייכן גוטע רעזולטאַטן.

דער וועלטראַט צוזאַמען מיט אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס האָט אויך אָרגאַניזירט אַ חודש פון יידישן בוך אין ישראל (אין עטלעכע שטעט ווי: תל־אביב, חיפה, ירושלים, נתניה) און אין די 4 וואָכן זענען פאַרקויפט געוואָרן טויזנטער ביכער. מען האָט אויך, ביי דער געלעגנהייט, איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז פאַראַן אַן ערנסטער רעזערוואָר פון יידיש־לייענערס און מ׳דאַרף זוכן נייע וועגן ווי צוצוקומען צו אים און אַרייבערנגען דאָס יידישע בוך אין דעם יידיש־רעדנדיקן הויז.

די אויפגאַבע פון וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור אין ישראל איז געווען צו דערמוטיקן און אויסברייטערן יעדע עקזיסטירנדיקע יידישע קולטור־טעטיקייט. דער וועלטראַט האָט זיך פאַרמאָסטן צו פירן זיין טעטיקייט אויף די יסודותדיקע געביטן אָן וועלכער ס׳איז נישטאָ קיין אויסזיכט פאַר אונדזער יידיש־קולטור.

אויך ווען מיר ברענגען נישט קיין אויספירלעכע באַריכטן וועגן וועלטראַט אין ישראל קען מען באַהויפטן, אַז ער האָט אַ סך צוגעטראָגן צו דער פאַרבעסערונג פון קלימאַט פאַר יידיש, כאָטש ס׳זענען פאַרבליבן גרויסע שטחים ווו יידיש איז נאָך אין אַ שווערער לאַגע און ס׳גילט נאָך די לאָזונג, וואָס דער וועלטראַט האָט לאַנסירט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק: „נישט ווערן מיד צו קלעטערן אויפן באַרג פון יידיש־קולטור״!

**אַ מעמד וואָס איז מחייב**

ווען מען מאַכט אַן אַלגעמיינעם איבערבליק וועגן דער לאַגע פון יידיש און יידישער קולטור אין דער תקופה פון די לעצטע 100 יאָר (1880 — 1980) אין ארץ ישראל און אין מדינת ישראל, ווייזט זיך אַרויס אַז אויך אין די שווערע

יאָרן פון שפּראַכנקאַמף איז אין א״י דער יידיש־פּראָנט נישט צעבראָכן געוואָרן. פאַרקערט, טראָץ אַלע שוועריקייטן זענען מיר עדות פון אַ בהדרגהדיקן וווקס פון יידיש. מיר קענען נאָטירן אַז אויך די העברעיסטן פון דער ערשטער שורה, אין שפּיץ מיט ח. נ. ביאַליק און אַנדערע, האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש צו יידיש און האָבן איר אויסגעשטרעקט די האַנט פון הילף. דאָס איז געווען בעיקר דער פאַל ביי די צוויי־שפּראַכיקע שרייבערס, און גאָר לעצטנס אויך ביי די יונגע העברעישע שרייבערס וואָס ווייזן אַרויס אינטערעס צו יידיש. אין די 80ער יאָרן זענען אויך פאַראַן ערנסטע גרופּן וועלכע זעען אין יידיש אַ וויכטיקן נאַציאָנאַלן ווערט וואָס איז טיף איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פון יידישן פאָלק.

דאָס געשעט אין אַ צייט, ווען דער רוב פון די נעכטיקע וויכטיקע פעסטונגען פון יידיש אין פאַרשידענע לענדער פאַר־לירן אַלץ מער פון זייער קאַמפּס־פעיקייט און פון זייער השפּעה.

פון דעם איז צו זען, אַז גאָר אין גיכן וועט דער צענטער פון יידיש אויף דער וועלט אַריבערגיין קיין מדינת ישראל. דאָס לייגט אַרויף אויף דער יידיש־מחנה דאָ אַ גרויסע אחריות און אַ חוב, אַז אין מדינת ישראל זאָלן זיך שאַפן די פאַר־צווייגטע כלים צו שטאַרקן יידיש אין אַלע אירע אַספּעקטן — אין ישראל גופא ווי אויך אין די תפוצות. מען מוז צוגעבן, אַז אין געוויסע ערנסטע העברעישע קרייזן איז רייף דער געדאַנק אַז מען דאַרף דערמעגלעכן אַ נאָענטן קאָנטאַקט צווי־שן ביידע מחנות — העברעיש און יידיש. יעדער צד קען פיל לערנען פון צווייטן. דאָס זאָגט אָן אויף אַ פאַרבעסערטער אַטמאָספער און קלימאַט אין ישראל לגבי יידיש.

אמת איז, אַז מען דאַרף נישט איבערטרייבן. מען דאַרף אָבער אויך נישט מינימיזירן די אָביעקטיווע רעאַליטעט וועל־כע האָט זיך לעצטנס געשאַפן.

ייִדיש באַקומט אַלץ מער חשיבות אין פֿאַרשידענע ייִדי־שע קרײַזן אין די תּפֿוצות, אָבער אין דער זעלבער צײַט בושעוועט דאָרט אַ שווערע שפּראַכן־אַסימילאַציע. די ייִדיש־קולטור ווערט פֿאַרנאַכלעסיקט דורך די זין פֿון מזרח־אייראָ־פּעישע ייִדן. דער פּראָצעס פֿון קעגנזײַטיקע סתירות און אומ־קלאָרקייט דאָמינירט אומעטום. און דאָך מערקט זיך אַ ניצוץ בײַם ייִנגערן דור, אַ ווילן צו דערקענען און דערגרייכן די וואָרצלען פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור און צווישן די וואָרצלען פֿאַרנעמט ייִדיש זייער אַ בכבודיקן פּלאַץ.

די הויפּטפֿראַגע וואָס איז אויך אַ גורלדיקע פֿאַר ייִדיש איז, צי מיר וועלן מצליח זיין צוריקבברענגען, כאָטש טיילווײַז, די פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון ייִדיש און דערמיט זי אויפֿהאַלטן אַלס אַ לעבעדיקע שפּראַך. דאָס איז אויך נישט לײַכט, ס'איז נישט קיין אויסגעפּלאַסטערטער וועג. אָבער בײַ אַן עקשנות־דיקער האַלטונג, מיט פֿיל אָנשטרענגונג און פֿיל איבערגעגעבנ־קייט קען מען דערגרייכן וויכטיקע רעזולטאַטן.

אין דעם זין האָט זיך דער וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור, וואָס איז אַ פּועל יוצא פֿון דער ייִדיש־וועלט־קאָנפֿערענץ אין אויגוסט 1976 אין ירושלים — גע־שטעלט פֿאַר אַ ציל צו האַלטן הויך די פֿאָן פֿון דער ייִדיש־קולטור אין אונדזער דור. מיר אַלע אין ישׂראל און אין די תּפֿוצות דאַרפֿן זיין איבערצייגט, אַז דער גרויסער פֿאַרמעסט איז נויטיק כּדי ווייטער צו וועבן אונדזער ייִדיש־קולטור, נאָענט מיט דער העברעישער מחנה אַלס אַ באַשטאַנדטייל פֿון דער נאַציאָנאַלער צוקונפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק.

# זוכצעטל פון נעמען

# אינהאַלט